# דער יוד

# DER JUDE

## צייטשריפט פיר אלע יודישע אינטערעסען.

ערשיינט יעדע וואך — פערלאג: חברת „אחיאסף".

Krakau, 31 December 1902. — פיערטער יאהרגאנג. — קראָקאו, טבת תרס״ג.

נומר 52


## אינהאלט:


א) אין א חנוכה-נאכט. (געדיכט). — י. ל. ברוכאָוויטש.
ב) פאליטישע איבערזיכט. — י. ל.
ג) דער שמש (געדיכט). — ל. יפה.
ד) לכבוד חנוכה. — די ביהן.
ה) די יודישע וועלט.
ו) חנרות הללו (גזירי... — ל. יפה.
ז) צום דריטע, ... (ערצעהלונג). — יהודה שטיינבערג.
ה) צו אונזערע לעזער. — ד״ר יוסף לוריא.
ט) חנוכה-מעשיות. (פעלעטאן). — מרדכי בר חלל.

העברעאישע זשארגאנישע און רוסישע ליטעראטור.

| | | |
|---|---|---|
| ב. אסטראָווסקי<br>בוכהאַנדלונג. |  | קישינעוו<br>מיחאילאָווסקי 57 |

אין מיין בוכהאנדלונג
אונטער דער פירמא **„בילדונג"**
געפינט זיך צום פערקויף פערשיעדענע העברעאישע, זשאר־גאָנישע, רוסישע ליטעראטור און לעהרע ביכער פאר אלע לעה־ע־אנשטאַלטען. * * * * * * * *
* * איך נעם אויף זיך אויסשטעלען נאַציאָנאַלע בי־בליאָטהעקען און ליפע־ען ביכער פיר דיזעלבע מיט זעהר קליינעם קאמיסיאן. * * * * * * * * * * * *
* * איך נעם אהן אבאנעמענט אויף אַלע יודישע צייטונגען ווי: „השלח", „המליץ", „הצפירה", „עולם קטן", „דער יוד", „פאלקסצייטונג", „Восходъ", „Будущность" צו רעדאַקציאָן פרייזען. * *

616 Кишиневъ, Михайловская 57
Б. М. Островскій, Книжный магазинъ.



**Фабрика Каучуковыхъ штемпелей, кожанныхъ издѣлій и Граверное заведеніе**
---- Ш. Е. ФРИДМАНА ----
въ Варшавѣ, Магазинъ Бѣлянская 23.

*Рекомендуетъ: портмонэ со штемпелемъ изъ черной опойковой кожи съ 5-ю отдѣл. и съ особымъ отдѣл. для золота за 1 р. 85 к. изъ настоящей тюленевой мягкой шагренированной кожи за 2 р. 25 к. Дамскія по тѣмъ же цѣнамъ, безъ штемпели на 35 к. дешевле Премія при заказѣ 6 штукъ сразу 7-ое безплатно. Бумажникъ-Кошелекъ удобство съ 7 отдѣл. для бумагъ и 2 особыми отдѣл. для золота опойковыя 2 р. 50 к. тюленевыя 3 р. 25 к. цѣны съ перес.*

*Домашняя типографія „побѣда" весьма практичные приборы изъ передвижныхъ буквъ всѣхъ языковъ которыя всякій можетъ легко набрать и печатать разного рода тексты а также моментальнаго набора желаемного штемпеля No 0 съ 90 букв. 1 р. No 1 съ 160 букв. 2 р. No 2 съ 290 букв. 3 р. 50 к. No 3 съ 480 букв. 4 р. 75 к. No 4 съ 715 букв. 6 р. 50 к. No 5 съ 1000 букв. 10 р. Комплекты NN 0 и 1 полезные подарки для дѣтей, требуются агенты на весьма выгодн. условіяхъ. Полный прейсъ-курантъ до 120 тр. высылается только за три 7 коп. марки которыя при первомъ заказѣ отсчитываются.* 616

## ❖ הירורגישע אנשטאלט ❖

### ווארשא, מוראַנאָווסקא נר' 3.

אין דער ניי נעעפענטער הירורגישער אנשטאלט אין וואַרשא (מוראנאווסקא נר' 3) ווערען אָנגענומען קראנקע אויף פערשיעדענע אפעראציאָנען.

פרייז פער בעט, טעגליך, מיט טיש און ערצטליכער בעהאנדלונג פון 1,50 ר' אן, בעזונדערע צימער פון 2,50 ר' אן טעגליך. די אפעראציאָנען ווערען אויסגעפיהרט דורך

## דר. סאָלאָווייציק.

587

## ווייכטיג, זעהר וויכטיג

**אבריים־קאלענדאר** איז דער נייערשיינטער יודיש־רוסיש טעגליכער

### אויף דעם יאהר 1903 (תרס"ג–תרס"ד).

דיזער וויכטיגער אבריים-קאלענדאר איז זעהר שעהן און רייך געדרוקט פון ביידע זייטען, מיט א שעהן אילוסטרירט ווענטיל אין איינינע שעהנע פארבען.

אין דיזען אבריים-קאלענדאר קומט אויף דער ערשטער זייטע: דער יודיש-רוסיש-אויסלענדישער דאטום, (אין יודיש, רוסיש, דייטשע, פראנצויזישע שפראכע), זון-אויפגאנג, זון-אונטערגאנג, צייט פון ליכט בענשען, ראש חדש בענשען, מולדות, כראנאלאגיע, ערהאבענע געדאנקען פון גרויסע געלעהרנטע, דערמאהנונגען וועגען אסעקוראציאן — און ציהונגען די געווינסטע און טיראזשען פון די באנק-בילעטען, יאהר-צייטען פון גרויסע יודישע מענער, פלאטץ אויף בעמערקונג *(для замѣтокъ)* אלעס אין א וועלטען שעהנער ארדנונג. אויף דער צווייטער זייטע קומט: וואונדער-שעהנע אנעקדאטען, לעגענדעס נייעס פיר יודען, וויסענשאפטליכע, און נאך פיעל ניצליכע און וויכטיגע ארטיקלען. דאס ווערטהע פובליקום וועט גאנץ איבעראשט זיין פון דיזען אבריים-קאלענדאר פרייז 30 קאָפ' מיט פאָרטאָ 40 קאפ'; 10 אבריים-קאלענדארען אויף איינמאהל איז פארטא פריי. ביז 2 רובל קען מען שיקען פאסט-מארקען; וועניגער פון 5 קאלענדארען ווערען מיט קיין נאכנאהמע ניט געשיקט. — לסוחרים ראבאט הגון.

*Адресъ: книжный магазинъ Бр. Блетницкихъ въ Одессѣ, Еврейская 35*

Еврейскіе мотивы, сборникъ сіонист. стихотвореній, изданіе II., испровленное и дополненное, цѣна съ перес. 75 к.

Грядущее стихотворенія Л. Яффе цѣна съ пересылкою 1 р.

изящное изданіе обоихъ сборниковъ по 2 р. съ пересылкою.

ריינליכקייט און געזונד, היגיענישע ביבלאָטהעק פון דר. מ. יעווניןְ. פרייז מיט פארטאָ 8 קאָפ.

היגיעניע פון חדר, פון דר. מ. יעווניןְ. פרייז מיט פארטאָ 20 קאָפ.

649 הויפטפערקויף פון דיעזע אויסגאבען ביי:

БЕЦАЛЕЛЮ ЯФФЕ, ГРОДНО

און אויך ביי חברת „אחיאסף", הוצ' „תושיה" און אין רעדאקציע „Восходъ".

## ראזיערען אהן א מעססער!!!

מיין ראזיר-פודער דאָס בעסטע דער וועלט, אין עטליכע מינוטען קען יעדער מענש זיך זעלבסט גאלען אָהנע מעססער, נאר בעשמירט מיט די פודער, די האָהר פאלען אויס און די הויט ווירד זויבער און ווייס. מיינע נייע פאָדער איז ווייס און שמעקט ווי פארפום זייף. איינע שאכטעל קאסט 1 רובל (פריי), 3 שאכטעלן 2 רובל, 12 שאכטעלן 5 רובל, 24 שאכטעלן 8 רובל. געלד מוז מען פאראויס איינשיקען, פער נאכנאָהמע ווירד ניכט געשיקט.

**J. B. Sakolsky, Dageraad plaast 30. Antwerpen** (Belgien)



**Механическо-Токарное Заведеніе**
**АДОЛЬФА ШТЕЙНКЕ**
Въ Варшавѣ. улица Лешно. № 18.
Имѣются балансѣровые прессы, штанпы и т. п. Принимаетъ также починки равнаго рода машинъ, а равно и предметовъ входящихъ въ составъ механики.
цѣны умѣренныя.

IV. Jahrgang **DER JUDE.** Nr. 52

דער פרייז פיר רוסלאנד:
גאנץ יאהרליך —.5 רובל.
האלב יאהרליך —.3 „
פיערטעל יאהרליך 1.50 „
מען קען אויך אויסצאהלען אין 3 ראטען:
ביים אבאנירען — 2 רובל
רען 1טען אפריל — 2 „
רע 1טען אויגוסט — 1 „
איינצעלנע נומערן 15 קאפ.— 30 העללער.
ענדערן די אדרעס קאסט 20 קאפ
די אדרעסע פיר רוסלאנד:
Издательство
„Ахiасафъ“, Варшава.

# דער יוד

צייטשריפט
פיר אלע יודישע אינטערעסען.
ערשיינט יעדע וואך.
פערלאג: חברת „אחיאסף“.

אבאנאמענטס פרייז יאהרליך:
עסטרייך-אונגארן —.12 קראנען
האלביאהריג —.6 „
פירטעליאהריג —.3 „
דייטשלאנד —.10 מארק.
ארץ ישראל —.12 פראנק.
אנדערע לענדער —.15 „
אמעריקא. ענגלאנד —.10 שילינג.

פרייז פון מודעות (אנצייגען):
פיר יעדער קליינע שורה פעטיט 20 העללער, 25 פפעניג, 10 קאפ.

די אדרעסע פיר עסטר.-אונגארן און אנדערע לענדער:
Administration Der Jude,
Krakau, Gertrudy 16.

Krakau, 31 December 1902. נומר 52 קראקוי, טבת תרס"ג.

## אין א חנוכה-נאכט.

ס'איז פינסטער און טרויריג און וויסט אויף דער גאס,
עס ליגען די הייזליך געהארבעט און נאס,
זיי שלאפען ווי קברים אונהיימליך און שטום;
און ס'בלאנקעט נור איינזאם אין איר ארום
אזוי ווי א בידנע נשמה פאר זינד
א פייכטער, א קאלטער און קלאגענדער ווינד;
ער קלאגט מיט א נגון פול אייביגען שמערץ,
וואס קלינגט ווי א קרעכץ פון א גוסס'ען הערץ...
עס שאקעלט זיך טרויריג דער נאקעטער בוים,
איך שטעה פאר א הייזיל און ריהר זיך מיר קוים,
איך שטעה ווי אין חלום אין פינסטערניש דיכט
און קוק ווי דאס נאלדענע פונקעלע ליכט,
גלענצט דארט אין פענסטעריל, ציטערט און לאכט
אריין אין די וויסטע און פינסטערע נאכט...
איהר ווייסט, וואס דאס פונקעלע ליכט דארט בעטייט?
ס'דערצעהלט א געשיכטע פון אלט גרויער צייט,
א העלדענגעשיכטע פיל קראפט און פול גלות,
א העלדענגעשיכטע, וואס פלאמט אויף מיין בלוט
און גיסט אין דאס מיד-קראנקע הערץ מיר אריין
א שטראם נייעם לעבען, א קוואל העלען שיין...
איך שטעה ווי בעכשופט פון חלום; מיר דאכט,
איך הער ווי עס רוישט א געזאנג ווילד מיט מאכט:
„מיר שטרייטען פאר פרייהייט, מיר שטרייטען פאר רעכט,
„דער טויט איז פיעל ליעבער אונז איידער זיין קנעכט!
„אלס שקלאפען — וואס טויג דען דאס לעבען אונז נאך?
צערשמעטערט מוז ווערען דער אייזערנער יאך!
מיר לאזען דאס שווערט ניט ארוים פון דער האנד —
ס'מוז פריי זיין דאס פאלק! ס'מוז פריי זיין דאס לאנד!“...
ערלאשען איז פלוצלונג דאס פונקעלע ליכט —
ארום און ארום מיר ליגט שווער און געדיכט
א נאכט, וואס איז פינסטער און שווארץ ווי די טינט;
עס רוישען די בוימער, עס יאמערט דער ווינד
און זיפצט אזוי טיעף און זיפצט אזוי שווער —
עס ברעכט מיר דאס הערץ! מיר דאכט זיך, איך הער
א קלאג אויף א פאלק, וואס ליעבט שקלאפעריי,
וואס ליעבט זיינע קייטען און וויל ניט זיין פריי,
דער קלאג איז פול אייביגען טרויער און שמערץ
און קלינגט ווי א קרעכץ פון א גוסס'ען הערץ...

י"ל ברוכאוויטש, בערן.

---

## פאליטישע איבערזיכט.

די טאריפען אין דייטשלאנד — דער סכסוך אין ווענעצועלא.

דער שלעכטער סדר און די אונארדנונגען, וואס זענען געווארען פאר א געוועהנליכע קראנקהייט אין עסטרייכישען פארלאמענט, האבען זיך אויך אריבערגענגה'ט קיין דייטשלאנד. די ארבייט פון א פארלאמענט איז אויפגעבויט אויף דעם יסוד, אז יעדע פראגע ווערט בעשלאסען נאך דער מעהרהייט פון דעות. ביי זעהר וויכטיגע פראגען אבער, וועלכע ריהרען אן צו שטארק די אינטערעסען פון איינצעלנע פארטייען, טרעפט ניט זעלטען, אז דער קלענערער צד וויל זיך ניט נאכגעבען און זוכט מיט אלע ערלויבטע און ניט ערלויבטע מיטלען צו שטערען דעם פארלאמענט אין זיין ארבייט, כדי ער זאל ניט קענען אננעהמען קיין בעשלוס נעגען דעם רצון פון דעם קלענערען צד. אין עסטרייך איז דאס געווארען צוליעב די נאציאנאלע סכסוכים א געוועהנליכער גאנג. אין דייטשלאנד האבען דאזועלביגע מיטעל איצט געפרופט אנווענדען די סאציאל-דעמאקראטען, וועלכע וואלטען מעהר פאר אלע אנדערע פארטייען געדארפט טייער האלטען דעם כבוד פון פארלאמענט, וואו אלע פראגען קענען בעשלאסען ווערען נור לויט דעם ווילען פון פאלק, ד. ה. לויט דער מעהרהייט פון דעות, וואס ווערען אבגענעכען פון די אויסגעקליבענע דעפוטאטען.

מיטלען, ווי צו שטערען דעם גאנג פון די ארבייטען אין פארלאמענט, זענען פארהאן אסך. די גרויסע פרייהייט, וועלכע עס ווערט צוגעלאזען ביי די ויכוחים אין פארלאמענט — און דא מוז געגעבען ווערען פרייהייט, כדי מען זאל קענען ביי איטליכען פראיעקט זיך קלאר מאכען, ווי ווייט ער קען נוצען אדער שאדטען — די דאזיגע פרייהייט גיט אויך דאס מיטעל צו רעדען ביי יעדער קלייניגקייט שעות לאנג, צו שטעלען צו יעדעם פונקט נייע פערענדערונגען און ערקלערונגען,

אזוי אז די ויכוחים קענען אבנעצויגען ווערען חדשים אהן א שום רעזולטאט.

די נייע טאריפען, אויף געטריידע און פיה וועלכע עס זענען פארגעלעגט געווארען אין דייטשען פארלאמענט, וועלען אויף אסך טייערער מאכען די לעבענסמיטלען און זעהר שטארק דריקען די ארימע ארבייטער, וועלכע האבען ניט קיין אייגענע ע״ד און וועלכע מוזען זיך קויפען ברויט און פלייש פון דעם שווער פערדינטען קארגען גראשען. די סאציאל־דעמאקראטען און די ליבעראלען שטעהען שטאהל און אייזען גענגען די נייע טאריפען. זיי זענען אבער אין דער קלענערער צאהל. די גרויסע מעהרהייט פון פארלאמענט איז פאר די טאריפען. אלע פראטעסטען, וואס זענען געוועזען אויף אסיפות פון פיעל דייטשע שטעדט, די בקשות מיט מיליאנען אונטערשריפטען וואס זענען דערלאנגט געווארען פון פאלק, מען זאל די נייע טאריפען ניט איינפיהרען, די הייסע רעדען פון די סאציאליסטישע און ליבעראלע דעפוטאטען אין פארלאמענט, — דאס אליך האט ניט געהאלפען. דער גרעסערער צד פיהלט זיין שטארקייט און וויל זיך ניט אבזאגען פון די אייגענע טובות צוליעב די ארימע קלאסען.

די סאציאליסטען און ליבעראלען האבען געזעהן, אז אלע זייערע טענות אין נאמען פון יושר, זענען געבליבען אומזיסט, זענען זיי אראב פון וועג, אויף וועלכען זיי זענען תמיד געשטאנען, און האבען זיך אליין אבגעזאגט פון דער פאדערונג, וועלכע זיי שטעלען תמיד ארויס, אז אליך דארף געטהון ווערען נאך דעם פערלאנג פון דער מעהרהייט. זיי האבען אנגעהויבען צו שטערען דער מעהרהייט אנצונעהמען בעשליסען, זיי האבען אנגעהויבען צו פערלייגערן און פערציהען די ויכוחים, כדי דער פארלאמענט זאל ניט קענען קומען ביי דער דאזיגער פראגע צו א סוף. זיי זענען אבער ניט נעגאנגען אזוי ווייט ווי די טשעכען, וועלכע זענען פון די ערלויבטע מיטלען אריבער צו געשרייען, זידלערייען און געשלעג. דער מעהרהייט איז דעריבער געלונגען דורכצופיהרען, חאטש מיט גרויס מאטערניש, אז עס זאל אבנעשטימט ווערען ניט איבער יעדען פונקט בעזונדער, צו וועלכען עס קענען תמיד אריינגעטראגען ווערען נייע פערענדערונגען, נאר אלע פונקטען מיט א מאל. נאכדעם ווי דער פארלאמענט האט דאס אנגענומען, איז צוגענומען געווארען פון דעם געגנערשען צד די מעגליכקייט ווייטער צו פערהאלטען דעם פארלאמענט אין זיין ארבייט, און דער גרעסערער צד האט טאקי גלייך אנגענומען די טאריפען גענגען דעם ווילען פון די סאציאליסטען און ליבעראלען.

אויסער דעם סכסוך אין דייטשען פארלאמענט איז די וועלט איצט שטארק פעראינטערעסירט מיט די געשעהנישען אין דער אמעריקאנישער רעפובליק ווענעצועלא. אין דער דאזיגער קליינער רעפובליק איז געוועזען א מ־ירדה. ביי דער מרידה האבען געהאט גרויסען שאדענס די דייטשע און ענגלישע אונטערטהאנען, וועלכע וואהנען אין ווענעצועלא ניט אין א קליינער צאהל. די דייטשע און ענגלישע רעגירונגען נעהמען זיך אן פאר זייערע אונטערטהאנען און פערלאנגען פון דער ווענעצועלער רעגירונג אז זי זאל אומקעהרען די דייטשען און די ענגלענדער זייער שאדען. ווענעצועלא האט אבער אויף די תביעות פון דייטשלאנד און ענגלאנד אפילו ניט געענפערט. דייטשלאנד און ענגלאנד האבען ניט לאנג געווארט, און זייערע קריגסשיפען, וואס זענען געשטאנען אין די וואסערן פון ווענעצועלא, האבען פערחאפט 4 ווענעצועלישע שיפען און האבען זיי דערטרונקען. אז די הארטקייט פון דייטשלאנד און ענגלאנד האט אויפגערייצט גאנץ ווענעצועלא. אלע איינוואהנער נעהמען זיך פאר געוועהר, דער חיל פון לאנד ווערט צוזאמענגערופען. נאר ווענעצועלא איז זעהר קליין, זי קען אין גאנצען ארויסשטעלען נור אפאר טויזענד סאלדאטען. דייטשע און ענגלישע אונטערטהאנען זענען אלע געוועזען אריינגעזעצט געווארען אין טורמע. נאר פאר זיי האט זיך אנגענומען די רעגירונג פון די פעראייניגטע שטאטען, און די ארעסטירטע זענען ארויסגעלאזען געווארען.

ווענעצועלא ווענדעט זיך איצט צו די פעראייניגטע שטאטען, אז זיי זאלען נעהמען אויף זיך צו ענטשיידען די פראגע וועגען דעם סכסוך צווישען איהר און דייטשלאנד און ענגלאנד.

---

# פעלעטאן.

## חנוכה מעשיות.

איהר ווילט וועגען חנוכה — איך וועל אייך דערצעהלען פון מיינע קינדערשע יאהרען, ניט עפּיס א מעשה, נאר גלאט אזוי...

...הערט נור, אז ווען מיר זענען קינדער געוועזען, פלעגען מיר ניט נור חנוכה־געלד נעהמען, נאר אויך געבען. און איך קאן אייך זאגען, אז אויך געבען חנוכה־געלד פלעגען מיר מיט גרויס שמחה, און מיר, קינדער, האבען הנאה געהאט פון געבען אפשר ניט ווייניגער, און צייטענווייז נאך מעהר, ווי פון נעהמען. — און ניט מיינט. דאס מיר זענען געוועזען נאראנים, ניט געוואוסט ווי געלד איז טייער; פע, זעהר גוט טאקי פערשטאנען וואס איז געלד. און מטבעות זענען טאקי ביי אונז געוועזען די בעסטע צאצקעס, גאר דאך האבען מיר בשמחה רבה ניט נור גענומען, נאר אויך געגעבען און געטהיילט חנוכה־געלד.

דאס ערשטע חנוכה־געלד פלעג איך געבען דעם בעהעלפער, געטשע דעם יתום. ביי אונז פלעגט ער עסען שבת, און ער איז געוועזען מיין בעהעלפער שטענדיג, ביי וועלכען רבי איך האב ניט געלערנט. זיין מוטער האט זיך אויפגעהאלטען פון אייביג אן עפּים ביי אונז אין הויף, און איהר בן־יחיד, געטשע הייסט דאס, איז געוועזען א פרידווארנער בעהעלפער. ער איז געוועזען א שעפעליאווער, מיט אויסגעבויגטע פלייצעס, אויף וועלכע עס איז געוועסען א קליינער קאפ מיט זעהר א מאגערען פנים. ווי איך דערצעהל אייך, האט געטשע קוים־קוים גערעדט, שטארק געשעפעליאוועט, נאר ס׳א דאנה, אבי ער האט געקענט זאגען מיט אונז מודה־אני אלע פריה־מארגען, פערשפילען די קנעפליך אין די הויעליך, בענטשען ציצית, איז שוין די מאמע געוועזען צופרידען. נו, און איך בין געוועזען נאך מעהר צופרידען פון מיין בעהעלפער. איהר וואלט נאר זעהען, וואס פאר א קונצען געטשע האט געקענט. ניט מיינט, חלילה, אז ער האט געקענט מאכען א קשר פון תפילין, אדער אויסרעדען א בעזרת־השם מיט א פיינעלע, — ניין, דאס איז געוועזען ניט זיין מהות; און ווען ער וואלט דאס אפילו געקענט, וואלט דאס אויך ביי מיר דאמאלס א קליינעם ווערטה האבען. געטשע האט געקענט אמת׳ע קונצען. למשל, ער פלעגט צוזאמענבייגען צוויי פינגער און פלעגט מיט זיי פייפען ווי מיט א אמת פייפיל, וועלכע עס איז נור פארהאן ביי א וועבטער. ער האט געקענט שופר בלאזען אין א ציגארניצע אדער אין א ציבאק. ער פלעגט אויסרייבען א שוועבעלע, אויסלעשען זי און נעהמען מיט ד׳ רויטע אין מויל אריין. ער פלעגט אזוי קונציג מאכען מיט די הענד, אז ביי נאכט אויפ׳ן וואנד פלעגט ארויסקומען א שאטען ווי א ציגעלע, וואס מאכט מיט דעם מיילעכלע. ער פלעגט קאנען אויסקעהרען די אויגען, ווי ביי דעם מלאך־המות. און די אלע קונצען פלעגט ער מיר בעווייזען, און פלעגט מיר געבען הבטחות דאס אויסלערנען, אויב איך וועל נאר זיין א ניט יונגיל און איך וועל זיך לאזען גיך אנטהון און לאזען זיך איינוואשען אפילו דאס פנים אויך.

אלענפֿאלס, ווי דייטשלאנד און ענגלאנד זאָלען ניט זיין גערעכט, שטעכט עס אלעמען אין די אויגען אזא משונה׳דיג מיטעל צו מאהנען חובות. אין דעם פּריוואטען לעבען איז שוין מיט הונדערטער יאהרען צוריק בטל געווארען דער מנהג, אז דער מלוה זאָל אליין מיט גע־וואלט צונעהמען פֿאר די חובות דעם לוה׳ס זאכען. עס איז אָבער שוין צייט, אז אויך אין דעם פֿערקעהר צווישען איין פֿאָלק און דעם אנדערען זאָל אזאווילדער מנהג פֿון מאהנען חובות אויפֿהערען, אז מען זאָל אין די ענינים צווישען איין פֿאָלק און דעם אנדערען אויך זיך מעהר רעכענען מיט מענשליכקייט און יושר.

י. ל.

---

## דער שמש.

„Und kein Amt ist beglükender
als das Amt eines Dieners Am Licht“.
*Th. Herzl.*

אין א ראָנד אכט ליכטעליך
פֿרעהען איצט מיין בליק;
זיי דערצעהלען טרויעריג
פֿון דעם אלטען גליק.

זיי דערמאָנען היינטיגע
חשכ׳דיגע טעג;
צו דעם עתיד ווייזען זיי
שיינענדיג דעם וועג.

און דער קליינער שמש׳יל
ברענט זיך פֿון דער זייט,
גאָר ווי א פֿערגעסענער
פֿון די ליכטליך ווייט.

און ער ברענט א גליקליכער,
ווער איז גלייך צו איהם?..
אלע, אלע ליכטעליך
ברענען דאָך דורך איהם.

ליכטיג ברענט דער שמש׳יל
גליקליך אָהן א שיעור,
מיט זיין שטילען פֿלאַקערען
טענעט ער מיט מיר:

זוך קיין גליקען בעסערע,
קענסט זיי גאָר ניט פֿינדען —
ווי א שמש אייביג זיין,
אייביג ליכט צו צינדען.

ל. יפה.

---

## ליכבוד חנוכה.

במקום

### יודישע שטעדט און שטעדטליך.

און איך האב ווייטער געבלאָנדזעט — אין חלום...

וואכענדיג, אז א מענש חלום׳ט איז נישט קיין געפֿאהר! מלאָכים בלאָנדזען; מיר זעהען בחוש, ווי שטערען אין הימעל חאפּען זיך אראָב פֿון וועג און ווערען פֿערפֿאַלען... און ל א נ ג בלאָנדזען קען מען נישט.. מען לעגט צו א פֿויסט צו די אויגען, דערזעהט מען א היימישען שטערן, א שפּיץ־דאך פֿון א פּ א ל א ץ, פֿון א ק ל ו י ס ט ע ר, פֿון וואָס עס איז — ווייסט מען, וואו מען געפֿינט זיך! אָ׳ניט, וואַרפֿט מען זיך אויף דער ערד, מען לעגט צו דעם א ו י ע ר צו דער ערד, הער׳ט מען פֿון ערגיץ וואו עס איז פֿאַר א קול, געהט מען נאָך א קול צי א בת־קול. אין ערגסטען פֿאַל בילט א הונד ערגיץ, פֿון א דאָרף, געהט מען נאָך דעם הונד... און אז דאָס אַליץ העלפֿט נישט, איז אויך נאָך ווייט צו סכנת נפֿשות: די וועלט איז נישט הפקר; פֿאַרהאָן איין אויג, וואָס זעהט, איין אויער וואָס הערט, און די שאָף זענען געצעהלטע שאָף! און עס שטרעקט זיך אוים א האַנד, האַפּט אָן ביי דעם „פּאָדקאָלנער“ און פֿיהרט צוריק אין סאָמע־ראָדנע־מיט ס ט אַ ד ע אַריין, און עס ווערט צוריק ז י כ ע ר וו אַ ר י ם און היימליך, און עס געהט צוריק דער אלטער קדמונים־גאַנג — קאָפּ־צו־וויידיל, קאָפּ־צו־יוויידיל!...

---

פֿערשטעהט איהר דאך שוין, ווי גוט איך בין געוועזן מיט אזא מין בעהעלפֿער. נאָר זומער איז ביי אונז געוועזן א האַלבע פֿריינדשאַפֿט: מ׳שטיינ׳ געזאָגט געוואָרען, אויף וואָס האב איך איהם זומער בעדאַרפֿט, אז אין דרויסען איז וואַרים און ליכטיג און מען קאָן שפּיעלען אויף דעם הויף אָהן דעם בעהעלפֿער. און צוריק געזאָגט, האָט געטשע זומער די תלמידים אויך נעדאַרפֿט אויף כפרות: טעג האָט ער כמעט אלע, און ווען עס פֿעהלט זומער א טאָג, איז א אונערקע מיט א שטיקיל ברויט קריגט מען; קליידער און שטיוועל זענען דאָך זומער נאָר איבעריג. אבער ווינטער, איז געטשע געוועזן נויטהיג פֿאַר מיר און מיר — פֿאַר איהם. עס איז קאַלט, און די מאַמע בייזערט זיך, אז מען לויפֿט אויפ׳ן גאָס; די גרויסע, לאַנגע נעכט מוז מען דאָך געווים זיצען אין שטוב, איז דאָך טאַקי דאַמאָלס געטשע זעהר ליעב מיט זיינע מעשיות מיט די צוועלף גזלנים און מיט די רעטע־נישען: „וואָס איז דאָס — זיצט אויפ׳ן דאך און רויכערט א פּיפּקע?“ אָ־דער: „א פּאַנע דרעהט זיך איבער׳ן שטוב און שטעלט זיך אין ווינקעל?“ — און איך געבעך מאָטער זיך טרעפֿען, און וויים ניט; און געטשע טאַקי ווייסט, אלעס ווייסט ער, אָט דער געטשע... און איהם איז געבעך ווינטער קאַלט, ער בעדאַרף קויפֿען א טולופּיל, א פּאַר וואָליקעס פֿאַר ועכציג קאָפּיקעס, וואָרום ווער האָט דאָס אויף שטיוועל, פֿאַר וועלכע דער שוסטער פּרובירט זיך בעטען דריי קאַרבען נאָך מיט א פֿערטילע; און ווייטער מוז מען דאָך אויך די אויערען אַרומבינדען מיט א פֿאַטשיילע. אמת, די פֿאַטשיילע קאָן געטשע נעהמען ביי זיין מאַמען, ביי שו־יען דער אלמנה, — איז דאָך אויף אידער א רחמנות... לכן דאַרף געטשע ווינטער בעפֿריינדעט זיין מיט די קינדער, וועלכע לאָזען איבער פֿון מיטאָג די קאַלטע קאַרטאָפֿעל און עסען ניט פֿערברענטע בלינטשיקעס, און עסען אויף די פֿלייש מיט נישט, נאָר אין גאַנצען איבערגעלאָזען דאָס ברויט. און וועמען בלייבט דאָס אלעס? ניט אייך, נאָר געטשען, דעם בעהעלפֿער.

אָבער די מאַמע טאָר דערפֿון ניט וויסען, וואָרום זי וועט זיך בייזערן אויף מיר, פֿאַר וואָס איך עס ניט. בעדאַרף מען ווייטער זיין גוט טאַקי מיט געטשען, ער זאָל ניט אויסזאָגען.

צו געטשעס לאַסקע האב איך ווינטער בעדאַרפֿט אנקומען צוליעב נאָך א נעשעפֿט. איהר געדענקט דאך מסתמא, אז ווינטערצייט פֿלעגט דער בעהעלפֿער פֿיהרען אונז אין חדר אין א שליטעלע, א קליינעם האַנד־שלי־טעלע; מיר זיצען, און געטשע איז, במחילה, דאָס פֿערדעלע... אָט דאָס דאָזינע שליטעלע פֿלעגען מיר אלע יונגעליך שטאַרק געטשען מקנא זיין, און איך פֿלעג טאַקי האָבען דאָס גליק, און פֿלעג נעפֿינען לייטזעליגקייט ביי געטשען אין די אויגען. און ווען דאָס שליטעלע איז נור געוועזן ליידיג, בטזונדערס פֿרייטאָג, איז עס כמעט געוועזן אין מיין גאַנצען רשות, און איך פֿלעג זיך אויף איהם גליטשען אַראָב בערגיל און דערנאָך געשלעפּט עס מיט אַלע כוחות אַרויף באַרג...

אָט פֿאַר די אַלע חסדים און נרווים פֿריינדשאַפֿט איז חנוכה געוועזן די צייט צו רעכענען זיך מיט געטשען, און טאַקי די ערשטע צעהן קאָפּי־קעס, וואָס איך פֿלעג בעקומען דעם ערשטען טאָג חנוכה, פֿלעג איך א־

אָבער אַז מען בלאָנדזשעט אין חלום? קיין אויג, קיין אויער און קיין האַנד... קיין שפּאַן הימעל איבער'ן קאָפּ, קיין שאָל ערד אונטער די פֿיס... און אין איין סעקונדע קען מען אין גראָהעם "גאָר-נישט מיט גאָר-נישט" אָבבלאָנדזען אַ וועלט, איין "אייביג"!

און, וואָס ערגער איז, נאָך אַזאַ חלום, חאַפּט מען זיך אַ מאָל נישט אין גאַנצען אויף... מען האָט אָפענע אויגען, מען געהט אין סאַמעראָדנע-מיט סטאַדע, און די נשמה איז נאָך נישט צו זיך געקומען, און זי חלום'ט, און בלאָנדזעט ווייטער, און מען חאַפּט אָן איין עק פֿון איין אומריינעם שעפּס, און מען מיינט, גאָט ווייסט וואָס עס איז, און מען לענט צו צום מויל... משוגע צו ווערען!

און איך האָב געבלאָנדזעט אין חלום! אַ מַעֲרָכָה גור, וואָס נישט אַליין... אַ גראָהער חלום, אַ וויסטער חלום, נאָר נישט אין גאַנצען. איך האָב בליצען, ליכטער, שטורקאַצען און אילומינאַציעס געזעהען...

איך וועל אייך ערצעהלען כְּסֵדֶר:

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אַזוי ווי איך בין אַריינגעפֿאַלען אין גראָהעם "גאָר-נישט מיט גאָר-נישט", בין איך בייז געוואָרען, און טאַקי אויף מיר אַליין! און אויף מיר אַליין, אַז איך ווער בייז, זידעל איך מיך הויך טאַקי בְּקוֹל רָם, ווייל פֿאַר מיר אַליין האָב איך קיין מוֹרא נישט!

—שלים-שלימזל—זידעל איך מיך—ווי בלאָנדזעט עס אַ מענש?

—אַ מענש—זאָג איך ווייטער — האָט צוויי זיכערע פונקטען: אַ מענש ווייסט, פֿון וואַנען ער קומט און—וואו אַהין ער מוז קומען.. און אַז מען האָט צוויי פונקטען, דאַרף לייכט זיין צו געפֿינען דעם אמת'ן דֶּרֶךְ הַיָּשָׁר—דעם קירצסטען וועג צווישעןביידע פונקטען! אַ הונד, וואָס לויפֿט צו אַ ביין, טרעפֿט אויף דעם גלייכען וועג!

און ווי איך זידעל מיך אַזוי, דערפֿיהל איך פלוצלינג אַ רֵיחַ פֿון אַלטע ציבעלעס און עמיצינס אַ האַנד לעגט זיך מיר אויף די אַקסעל און אַ פֿריש-קלינגענדיגע שטימע פֿרעגט מיך:

—וואָס שרייסט דו?—

עס בעווייזען זיך מיר צוויי גלאַנצענדיגע אויגען אין דעם גראָהען גאָר-נישט-מיט-גאָר-נישט, איך דערשרעק מיך אַ ביסיל און ענטפֿער מיט אַ שאֵלה אויף אַ שאלה:

—ווער ביזט דו?

—הערינג טראָג איך! ענטפֿערט מיר די שטימע.

—און בלאָנדזעסט?

—ניין... איך געה נאָך די הערינג...

—וואָס גראָד הערינג?

—גראָד... היינט הערינג, מאָרגען אייער, האָזענע פֿעלכליך... וואָס עס מאַכט זיך.

—און וואַהנען וואַהנסט דו?

—אין ערגיץ! —ענטפֿערט ער— נאָר גאָר אין גאַנצען פֿרעמד בין איך אין ערגיץ נישט...

—און אַצונד געהסט דו?

—וואו עס וועט זיך לאָזען...

פלוצלינג שלאָגט מיר אין די אויגען אַריין אַ שימער פֿון אַ ווייסע באָרד.

—וואָס זייט איהר?—פֿרעג איך דערשראָקען—אַלט צי יונג?

—עלטער פֿאַר אַלע און יונגער פֿאַר אַלע — ענטפֿערט ער — איך ווער אַלע מאָל ווי ניי געבוירען..

שטאַרק געוואונדערט אין חלום האָב איך מיר נישט. נאָר פלוצלינג בעקום איך אַ ווילדען חֵשֶׁק צו געהען צוזאַמען מיט דעם, וואָס ווערט אַלע מאָל ניי געבוירען.

—נעהמט מיך מיט! בעט איך.

—מְהֵיכָא תֵּיתָא, זאָגט ער.

און מיר געהען... מיך פֿיח"ט דער גלאַנץ פֿון זיינע אויגען, דער שימער פֿון דער ווייסער באָרד... אַ'מיט, הער איך זיין קלינגענדיגע שטימע; אַ'מיט, פֿיח"ט מיך דער ריח פֿון די אַלטע הערינג... אַבי נישט געבלאָנדזעט אַליין!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

וועקנעבען געטשען, די צעהן קאָפּיקעס זענען ביי מיר סיי־ווי־סיי אין רעכנונג פֿון חנוכה-געלד ניט געווען. איך פֿלעג זיי קריגען גאַנץ לייכט, נאָר אָהן האַראַוואַניע. למשל, דעם ערשטען טאָג נאָכ'ן דאַווינען, זאָג איך, ווי דער שטיינער איז, דער באָבען "גוט מאָרגען".

— ווער איז דאָס—דו? — פֿרעגט די באָבע, וועלכע איז געווען כמעט ווי בלינד.

— יאָ, איך. גוט מאָרגען! — חַזֵר איך איבער נאָך אַמאָל, כְּדֵי זי זאָל פֿערשטעהן, וואָס דער פסוק מיינט.

— גוט יאָהר. עַל הַנִּסִּים געזאָגט?

— געזאָגט!

— און הַלֵּל?

— געזאָגט.

— גאַנץ הַלֵּל?

— גאַנץ.

און איך בלייב וואַרטען.

דער באָבעס רעכטע האַנד קריכט אונטער קישען, זוכט־זוכט, פֿאַרקעט זיך עפּיס דאָרטען, נעמט אַרויס אַ זילבערנע מַטְבֵּעַ און פֿרעגט: וואו ביסטו? און גיט מיר אין האַנד און זאָגט: נאַ, דאָס איז נ י ט חנוכה-געלד. און איך ווייס גאַנץ גוט, אַז דאָס איז נ י ט חנוכה-געלד, וועלכע מען וועט טהיילען אַינו ערשט די פֿינפֿטע ליכטליך, כְּעֵת עס וועלען זיך צוזאַמענקלויבען אַלע אייניקליך, און די טאַטעס מיט די מאַמעס וועלען אויך קומען, און מען וועט עסען לאַטקעס פֿון גריגענע מעה"ל, אי פֿלייש מיט גענזענע שמאַלץ, אי מילכיגע מיט צולאָזענע פוטער. לאָה דעם ווידענס אַ קעכין, וועלכע איז געווען ביי דעם יידען עפּיס אַ יאָהר פֿערציג אין שטוב, פֿלעגט זיך אונטערבייזערן, מען זאָל איהר ניט אָנמאַכען טרפֿה, פֿליישיגס מיט מילכיגס; נאָר אַ פעולה, געה שריי צו נאָט, אַז עס איז דאָס פֿינפֿטע ליכטיל און די קינדער מיט די קינדסקינדערליך זענען אַלע דאָ, און די אייגענע לאה ווייסט אויך, אַז היינטיגע נאַכט וועט זי גאָרנישט צולעבען. "גיב, רבונו־של־עולם, עטליכע מאָל אין יאָהר חנוכה, וואָלט איך שוין אויך זיך געמאַכט אויבינע קליידער פֿון האָלענדער ליינוואַנד, אָט ווי פֿייגעלע משק'ה פֿרוש'עס!" — אָט דאַמאָלס, צו די פֿינפֿטע ליכטליך איז געווען דאָס רעכטע חנוכה-געלד, וואָס געלד הייסט; נאָר צו דער באָבעס גוט־מאָרגען געהערט דאָס ניט. איך פֿלעג בעדאַרפֿען קומען נאָכ'ן דאַווינען מיט דעם סידור אונטער'ן אָרים, זאָגען גוט מאָרגען, און די באָבע פֿלעגט בעדאַרפֿען האָבען איהר איידילקייט און קריכען אונטער'ן קישען נאָך די קליינגעלד.

הכלל, מיט געטשען האָב איך זיך צו רעכענען.

איך האָב געפּריווט געבען חנוכה־געלד אויך דעם רֶבִּין. איהר וועט מיר ניט גלויבען, איהר וועט זיך נאָך אֶפְשַׁר אָנלאַכען און זאָגען, אַז טאָמיר איז געווען די מעשה פֿערקעהרט, און דער רבי האָט מ י ר געגעבען חנוכה־געלד מיט די לאָקשען אין יענעם אָרט... נאָר, גלויבט אייך אָדער ניט, — איך דערצעהל אייך אַ געוויסע זאַך, אַז איך האָב אַליין מיט מיינע הענד געגעבען דעם רבי'ן חנוכה־געלד. אַ סִימָן קאָן איך אייך געבען: — מען

—די פיס ברעכען געהענדיג—קלאָג איך מיך נאָך א ווילע.

—שטעהען בלייבען טאָר מען נישט — ענטפֿערט ער א ביסיל שטרענג—מען ווערט פֿערשטאַרט און געפֿרוירען...

—עס איז אַזוי גראָה, אָהן הימעל, אָהן שטערן, אָהן א שטראַהל ליכט...

—ליכט – ענטפערט ער, איראָניש דאַכט זיך – ליכט וועט זיין... נישט פֿון דער הויך... פון דער זייט וועט זיין ליכט... און וואָס פינסטערער עס איז א נאַכט אָהן הימעל, גלאַנצענדיגער און העלער לייכט דאָס אַלץ, וואָס מען צינדט אונטער אין דער נידער – –

—וואָס איז דאָס פֿאַר א בריה? –טראַכט איך– א מענש טראָגט הערינג, רעדט חכמות, גאַנצע שטיקער פלוסופיא!

נאָר צייט צו פֿרעגען האָב איך נישט.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

פלוצלינג הייבט מיר אָן עפּיס רויטליך צו שווינדלען פֿאַר די אויגען.

- עפּיס רייטילט זיך—זאָג איך.

—איין אָבגלאַנץ פון עפּיס! ענטפֿערט ער.

און א רויטליכער נעפּיל וויעגט זיך און טראָגט זיך אַלץ נעהענטער און נעהנטער, און א ריח טראָגט זיך מיט'ן נעפּיל.

—וואָס שמעקט אַזוי? פֿרעג איך.

—פֿרישע רויזען, —ענטפֿערט ער—איך האָנדעל אַמאָל מיט רויזען אויך... מיר דאַכט,—זאָגט ער—ווייסע רויזען!

און א ווייסער רויזענקראַנץ—בעווייזט זיך אין רויטליכען נעפּיל... און א פֿרויען-געשטאַלט—אונטערן קראַנץ... און א לייב פֿון אַלאַבאַסטער—האַלז מיט פֿאַליעס רויט פלאַמענדיגע-האָר בעדעקט, פֿון זיי שלאָגט זיך עס אָב דער רויטליכער נעפּיל... און צוויי אויגען—צוויי ברענענדיגע שטערן, לייכטען אין נעפּיל, פֿערקוקט פֿאַר זיך... ווייט אין דער וועלט אַריין! און פֿעסט און קעניגליך שטאָלץ איז איהר גאַנג אין גראָהעם „גאָר-נישט מיט גאָר-נישט", דאָס קליין-קרעטענע מויל איז קוים-קוים שמייכעלדיג אָפֿען, און א בעכער שוימענדיגער וויין איז די אויסגעשטרעקטע האַנד פֿון עלפֿענביין!

זי געהט פֿאַרביי און ביי מיר צאַפּעלט דאָס האַרץ און רייסט זיך, ווי איין פֿערוואונדעטער פֿויגעל פֿון איין ענגער שטייג אַרויס, און ערשט, אַז זי איז פֿערשוואונדען פֿרעג איך אָהן אָטהעם:

—ווער איז זי?

—ווער ווייסט? חוה פֿון גן עדן, ושתּי פֿון דער מגלה... גריכענלאַנדס שענע העלענא... און אפשר א „דיוואַ" פֿון א קאַפֿע-שאַנטאַן"— —

—דאָס האָסטו אויך געזעהען?

ער מאַכט זיך נישט הערענדיג –

– נאָר איהר ווענ—זאָגט ער—ווייסט זי!...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און א גערויש קומט מיר אין אויער אַריין...

א פֿערדס-גאַלאָפּ שלאָגט זיך דומפּיג אָב פֿון דער האַרטער ערד, אַבוואָהל מיר האָבען זי נ י ש ט אונטער די פֿיס.

צווישען בליצען בעווייזט זיך א רייטער, – מיט'ן פֿערד צוזאַמען אין שטאָהל און אייזען געשמידט! עס בלאַנקט דאָס אייזען, עס שימערן ביידע מיילער מיט פערל-וואַסער-שוים בעדעקט.. און אויף דעם נאַקט אויסגעצויגענעם שווערד טאַנצט דער בליץ... דעם בליץ געהט ער עס נאָך!

און אויפֿ'ן הויכען שטערן איז צוגעקלעבט א טראָפּען בלוט... איבער'ן רויטען פֿלעק א גאָלדענע קרוין; דעם פֿלעק פֿערדעקט זי נישט... אָבער דער קרוין הויבט זיך און קרייזעלט זיך א שוואַרץ גלאַנצענדיגע קראָה—איהרע אויגען ברענען און די ליפּט קרעכצט אונטער איהרע גלאַנצענדיגע פֿליגעל...

זי פֿליהט נאָך דעם רייטער, ער—דעם שפּיץ פֿון זיין שווערד!..

—ווער איז עס? פֿרעג איך.

—איך ווייס? קין, נבוכדנצר – – ווער דו ווילסט, נאָר ווי אַזוינס גלאַנצט און לייכט אין דער פֿינסטערער נאַכט...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

האָט דעם דאָזיגען רבי'ן גערופֿען יענקעלע קרוטשער; פֿון שטעדטיל קרוטשע איז ער געווען. חאָטש ער האָט געוואָהנט מיט דער פֿאַמיליע אין קניזיק. ני, היינט גלויבט איהר?

איך זאָל אייך זאָגען, אַז ביי אונז איז געווען מיט דעם רבי'ן א גרויסע פֿריינדשאַפֿט, — וועט דאָס זיין ניט אֶמת; דאָס וואָס הייסט חבר'ליך זענען מיר מיט איהם ניט געווען; דאָך איז ער דאָך א רבי און מיר זענען יונגליך, און אין חד-גדיא שטעהט נאָך געשריבען, אַז א הונד מיט א שטעקען האָבען ניט געלעבט אין גרויסען שלום... נאָר חאָטש-חאָטש א רבי, פֿאַרט-פֿאַרט בין איך געווען מיט איהם, מיט יענקעלע קרוטשער, ניט שלעכט. אַז איהם פֿלעגט וועה טהון דאָס האַרץ, פֿלעגט ער מיך שיקען אין אַפּטייק, און פֿלעגט מיך לערנען רעדען דייטש, איך זאָל זאָגען: „הערר געזעללין, ביטע פֿאַר דריי קאָפּיקעס אָט די ברוסטע-שפעציעס". און ער פֿלעגט זיך, ווי דער שטיינער זיינער איז געווען, אַביסיל פֿערהיקען און צוקנאַקען מיט דער צונג. און איך פֿלעג קומען אין אַפּטייק און פֿלעג דאָס אָבער מאַכען פונקט, מיט'ן קנאַק. ניט איינמאָל פֿלעגען מיר מינע מומעס געבען גוטע זאַכען, איך זאָל זיי איבערמאַכען, ווי דער רבי שיקט מיך אין אַפּטייק, און קושע, א הויכער בחור, א פֿעלשער פֿון שפּיטאָל, מיט א לאַנגער נאָז, פֿלעגט מיר ברייגגען אַלע מינים קעסטעליך נור דערפֿאַר, איך זאָל דערצעהלען ווי דער רבי הייסט רעדען מיט „דעם געזעלין", און דער פֿעלדשער פֿלעגט זיך דאַמאָלס קייקלען פֿאַר געלעכטער. איך געדענק אפילו, אַז איך האָב איינמאָל שיער-שיער ניט געחאַפּט א פּסק, ביי קושען, אָט ביי דעם פֿעלדשער איז געווען חתונה, און די חופּה איז געווען מסתמא ביי אונז אויפֿ'ן הויף. דער חתן שטעהט אונטער דער חופּה, און איך האַלט איינעם פֿון די שטיינגליך, און קיק גלייך איהם אין פּנים אַריין. דאַרף זיך מיר פֿערוועלען א קנאַק טהון מיט'ן צונג און זאָגען: „א-אָט די ברוסטע-שפּעציעס"; און מיין חתן האָט זיך געבעך געמיוט פֿונאַנדערלאַכען אונטער דער חופּה, און ביי מיר האָט מען דערפֿאַר אָבגענומען דאָס שטיינגיל, — אויס חופּה האַלטער...

נאָר לאָמיר לאָזען די בת-מלכה און נעהמען צוריק דעם פֿלעק-הונד, דערצעהלען איך וועגען יענקעלע קרוטשער, דעם רבי'ן מיינעם.

דער רבי האָט זיך אָבגעלעבט ווי א קייזער. שבּתים איז ער געווען ביי אונז, און די גאַנצע וואָך פֿלעגט ער עסען פֿאַר זיך, — איין מאכל: שאַמאַיקע, א פּראָסטען, געזאַלצענען הערינג, מיט ברויט; זונטאָג פֿלעגט ער קויפֿען זיך דעם לעביל ברויט פֿאַר 15 קאָפּיקעס און דעם הערינג פֿאַר דריי קאָפּ. און פֿלעגט דאָס עסען א גאַנצע וואָך, ביז פֿרייטאָג, ווען אונזער קעכין פֿלעגט איהם שוין דערלאַנגען א וואַרימע בולעצקע מיט פֿליישינס. נאָר ווען-ניט-ווען פֿלעגט זיך דער רבי ערלויבען א שאַרלאַטאַנעווע טהון, אין שיקען, אין א יומא דפגרא, עפּיס ראש חודש — פֿאַר א קאָפּיקע ברינדוע, אָדער ציבעלעס פֿון גריבענעס אָדער נאָך געשטויסענע קאָניעפּלעס. טהיי פֿלעגט דער רבי טרינקען שטענדיג אידאי דריי מאָל א טאָג, נאָר ניט מיינט אַז אמת'ן טהיי. דאַמאָלס איז נאָך ניט געווען וויסאָצקע מיט הבטחות אויף ענציקלאָפּעדיעס, און דער רבי פֿלעגט אויסטריקענען

און צוריק ״גאָר נישט מיט גאָר נישט״! און מיר בלאָנדזען טעג און וואָכען, אפשר חדשים און פאַלען פּלוצלינג אריין אין אַ ים פון ליכט!

מיר זענען אין אַ טאָל צווישען בערג, פון טאָל וואַקסט אַרויס אַ שטאָדט...

און אַלץ לייכט און ברענט!

אַרום, אויף די רוקענס פון די בערג, זענען קליינע ליכטליך פערזייעט... די קליינע פלעמליך לעקען ציטעריג די קאַרגע גרעזליך אויף דער ערד און קליינע רויכליך ציטערן אַרום די קליינע ליכטליך, און עס הויבט זיך אַלץ העכער און העכער... גלייך נשמה׳ליך קריכען או שאָטען קריכען זיי נאָך...

אונטען ביים זוים ברענען פעסער סמאָלע...

—קדוש החודש? פרעג איך.

—אילומינאַציע! ענטפערט ער — זעה! און דרעהט מיך איבער צו דער שטאָדט.

הייזער און פּאַלאַצען! און אַלץ ״באָדט זיך אין ליכט״... קליינע פלעמליך בלאָנדזען, קריכענדיג אויף די גלייכע ווענד, קליינע רויכליך יאָגען זיי נאָך... אויף באַלקאָנען פלאַמען ליכטער און אויגען צוזאַמען... פון מיט׳ן שטאָדט פליהען אַרויף פייערדיגע שלאַנגען, און פּלאַצען אין דער הויך מיט געראַויש, און צושפּריצען זיך אויף טויזענדער שטערן, און נייע שלאַנגען פליהען...

און די שטערן אין הימעל ווערען בלאַס פון שרעק, די לבנה — גרין און געל פאַר קנאה...

—וואָס פאַר אַ אילומינאַציע?

—אַ מאָל איז געוועזען אַ פּאַסטוך, האָט ער געפּאַשעט גענז... די געגנז האָבען געטראָטעוועט רוים... היינט איז זיין יאָהרצייט...

אַזוי האָט ער מיר פערטייטשט.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

און צוריק אַרויס אין גראָהעס ״נישט״ אריין און ווייטער געבלאָנדזעט אַ צייט, ביז מיר זענען ווייטער אַ־יינגעפאַלען אין ליכט...

עס שימערט אַ בלאַנקער, פלאַכער שפּיעגעל, עס ציהט זיך אַ לאַנגער טייך...

אַ דיקע נעפּילזייל שטעהט אין מיטען טייך און הויבט זיך ביז׳ן הימעל אריין, און האַלט איהם אונטער...

פון נעפּיל קוקען ליכטליך, ווי גליה־ווערם, אַרויס...

—דאָס זענען אַרויס שיפליך — פערטייטשט מיר מיין הערינג־מאַן — זיי וואָלטען ווייט ווייט אַוועק — נאָר דער נעפּיל האָט זיי פערשלאָסען אין זיך!

נאָר אַרום נעפּיל פליהען פרייע שיפליך („שפּאַציער־שיפליך״ — זאָגט ער) מיט פאַרביגע לאָמטערן אין בלומען־קרענצ׳ן פערציערט... מענער און ווייבער פאָהרען שפּאַציערען... און געזאַנג הערט זיך, אַ ביסיל אויסגעלאָסען־טרויריג, אַ ביסיל הייזער און פער׳שכור׳ט... ביים ברעג צו דער שטאָדט צו, צו דער שטאָדט אויפ׳ן באַרג,—שטעהט אויפגעשטעלט אַ לאַנגע רייהע לאָמטערן; זיי שלאָגען זיך אָב אין שוואַרצליכען וואַסער ביים ברעג ווי ליכטיגע פלינקע זיילען, אויף וועלכע דער ברעג — דוכט זיך — שטעהט...

און אויפ׳ן רוקען פון באַרג יאָגען זיך ליכטליך און לעמפּליך נשמה׳ליך, איינגעהילטע אין רויכיגע שאָטען, זיי הויבען זיך און יאָגען זיך אין שטאָדט אריין, און ווערען פערלוירען אין לוסטיג־לייכטענדיגע גאַסען מיט ברענענדיגע פענסטער. גאָלדענע פלאַמענדיגע שפּיצען פון דעכער — —

—אַ פלאַמענדיגער ברוך הבא! זאָגט ער.

—וועמען?

—איין אייניקיל...

—וועמעס?

—דעם ווידענס! דעם ווידענס, וואָס איז אַ מאָל אַהער געקומען אַלס פיינד און פון שטאָדט אַ חורבן געמאַכט...

פראַסטע פייגען, און טרינקען ווי: דאָס ציהט אָן שטאַרק, און קיין צוקער בעדאַרף מען ניט. נאָר איין יצר־הרע האָט דער רבי געהאַט — שמעקען טאַבאַק. און דאָס האָט געקאָסט געלד. פרייטאָג נאָכ׳ן מרחץ געקויפט פאַר פינף קאָפּיקעס פרישע טאַבאַק לכבוד שבת, און צו איבעראַכטאָג — שוין געה ווייעדער און ניב אויס געלד. דער רבי פלעגט זאָגען, אַז עס איז אַ חיות דעם טאָג וואָס מען קנעלט: עס געהט קיין געלד ניט אַוועק; אָבער פרייטאָג, ווען מען קנעלט שוין ווייניגער, געהט שוין דאָס געלד ווי וואַסער. געוועזען אין מ־חץ — נעפּטֶרט פינף קאָפּיקעס: דריי קאָפּיקעס באָד־געלד, אַ קאָפּיקע אַ בעזימ׳ל, און אַ קאָפּיקע מוז מען געבען דעם שומר — נעבעך אַ יוד אַ אָרימאַן... היינט געה און וואַרף אויס געלד אויף טאַבאַק. נאָר — אַ זינדיגער מענש — עס ווילט זיך... און מילא וואָס עס ווילט זיך, דער יצר־הרע שמועסט איין, מען זאָל קויפען אויך אַ פּושקע צום טאַבאַק, וואָרום עס איז נמאס געוועזען האַלטען דעם טאַבאַק אין אַ פּאַפּירעלע; עס פערשיט זיך און עס איז אפילו ניט שען צו אַ בעל־הבית אריינצוגעהן. און דער רבי האָט עטליכע מאָל דערמאָנט, אַז ער האָט שטאַרק חשק צו אַ פּושקעלע.

און אַזוי ווי דער חנוכה איז ביי מיר געוועזען זעהר אַ געראָטענער, און חנוכה־געלד איז געוועזען לרוב, און די שוועסטער האָט געשפּ׳עלט אין קאָרטען אויף מיין מזל, און האָט מיר אָבגענעבען דעם געווינס אויף מיין חלק גאַנצע פונפצעה׳ן קאָפּיקעס, איז ביי מיר געבליבען קויפען דעם רבי׳ן אַ פּושקעלע — חנוכה־געלד. טאַקי באַלד נאָכ׳ן שוהל בין איך געגאַנגען אַנטקעגען צו בערע סאַססעלע, אַ גאַלאַנטעריע קרעמער, ביי וועמען איך פלעגט אַלע חול־המועד־פּסח קויפען זיך אַ שטעקעלע מיט אַ נאַלקע, און איך האָב געקויפט אַ פּושקע, אויף וועלכע עס איז געוועזען אויסגעמאָלט דעם קייזערס פּאָרטרעט, און האָב דאָס געבראַכט דעם רבי׳ן, צוגעטראָגען איהם מיט אביסיל אַ פערשעמטען פּנים... און דער רבי האָט פערשטאַנען אַז דאָס איז אַ מתּנה פון אַ ריין הערצעלע, און האָט זעהר אַ ברייטען שמייכעל געגעבען.

— ועהסטו — האָט ער געזאָגט צו מיר — דאָס איז גאַנץ גוט. טאַקי אַ גוטע פּושקע גוט, גוט, אַ ישר־כח דיר.

און איך בין געוועזען אויפ׳ן זיבענטען הימעל, אַ סך מעהר הנאה געהאָט ווי פון די זילבערנע מטבעות, וועלכע ליגען ביי מיר אין דעם סעראַטענעם בייטעלע און רייסען מיר אָב די קעשענע.

און הערט, וואָס איך וועל אייך זאָגען, רבותי, אַז עס טרעפט נאָך אויך היינט, אי ביי מיר אי ביי אייך, אַז דאָס פערגניגען, וואָס מיר האָבען פון אַ נדבה, וועלכע מיר גיבען, אָדער פון אַ מתּנה, וועלכע מיר שיינקען פון גוטען האַרצען, איז אַ סך גרעסער און בעסער פון דעם נחת, וועלכע שאַפט אונז דאָס געלד, וואָס איז געבליבען ביי אונז אין קעשענע. וואָס, ניט אַזוי?...

און פאַרהאַן ביי מיר נאָך מעשיות וועגען חנוכה, אַלץ טאַקע פון די טייערע קינדערשע יאָהרען; ס׳זענען פאַרהאַן אַזעלכע, פון וועלכע איהר וואָלט האָבען וואָס צו לאַכען, און פאַרהאַן אויך אַזעלכע, וואָס קענען ברייינגען צו טרעהרען... נאָר לאָז זיין נענוג, — מען דאַרף לאָזען אויף איבער אַ יאָהר, אַז מיר וועלען לעבען.

מרדכי בר הלל.



דעמאלט איז איין אילומינאַציע געווען! הייזער האָבען ווי לאַמטערן געברענט... טייכען וואַרים־בלוט האָבען זיך געריוכערט אין די גאַסען, און פלאַקערדיגע שטראָמען פון בוימעל און וויין זענען איבער די טייכען געשוואומען...

היינט קומט ער מיט זיין ננאַד... און דאָס איז זיין "ברוך הבא!"

— — — — — — — — — — — — — — —

אַלע ליכטער. אַלע פלאַמען, אַלע אילומינאַציעס און ברוך־הבא׳ס וואָס איך האָב אין חלום געזעהען און וואָס מיין הערינג־הענדלער האָט מיר פערטייטשט, בין איך אייך נישט אימשטאַנד איבערצוגעבען...

עס האָט מיר אָנגעהויבען אין די אויגען צו ברענען, אין דער נשמה!

און צום סוף גאָר, גאָר צום סוף ערשט האָט זיך מיר געוויזען, ווי יוסיל קרעמער בענשט חנוכה־ליכט...

דורך אַ קליין שייביל ציטערט אַ קליין וואַקסען ליכטיל...

—פאַמעליך —זאָגט ער— פאַמעליך... היינט איינס, מאָרגען צוויי, איבערמאָרגען דריי... און אזוי ווייטער... ביז גאַנצע אַכט! —

די חשמונאים׳ס אילומינאַציע!

ער איז מיר פערשוואונדען און איך האָב זיך אויפגעכאַפּט אין געשטאַלט פון אַ

ב י ה ן.

---

# די יודישע וועלט.

## געזעצען און משפטים.

— דער מיניסטער פון אינערן, זייענדיג אין דאַלני האָט ערקלערט, אז יודען און יאַפּאַנער האָבען דאָס רעכט צו נעהמען אין אַרענדע ערדטהיילען, פערבאָטען איז נור געבליבען צו קויפען ערד אויף איין אייביגע נחלה.

— דער 13-טען נאָוועמבער האָט דער ווירטשאַפטליכער קאָמיטעט פון זאַקאַספּיסקער אַבלאַסט בעהאַנדעלט די פּראַגע, צי מען זאל ארויסטרייבען די יודען פון י ע ר י י ס ק ע ן אויעזד. דערווייל איז נאָך נישט בעוואוסט, צו וואָס פאַר אַ בעשלוס דער קאָמיטעט איז געקומען, נאָר ווי עס זעהט אויס פון די אַנטיסעמיטישע אַרטיקלען פון דער צייטונג "אַסחאַבאַד", דער אָרגאַן פון דעם קאָמיטעט, איז די אַדמיניסטראַציע נישט גוט אויפגעלעגט צו יענע יודען. די דאָזיגע יודען זענען בעקאַנט מיט דעם נאָמען "דזשעדידי", וואָס בעטייט אַ נ י י ע ר, אזעלכער וואָס האָט נישט אָנגענומען די מאַחמעדאַנישע רעליגיאָן. די יודען זענען געקומען, נאָך אַסך פריהער פאַר די רוסען, פון די מעשהעד אין חאָראַסאַן, וואו מען האָט זיי געצווינגען אָנצונעהמען די מאַחמעדאַנישע רעליגיאָן, און זיי האָבען שטילערהייט אָבגעהיט זייער יודישקייט. אויך דאָ, אין זאַקאַספּיקער אַבלאָסט זענען זיי פערשריבען אַלס מאַחמעדאַנער, נאָר אין אמת׳ן היטען זיי אָב זייער יודישקייט, ווי אַלע יודען, און דאָס איז די אורזאַך, וואָס מען האָט זיי אין דער לעצטער צייט אָנגעהויבען צו בעאונרוהיגען.

— דאָס דאָרף א ל ו ש ט איז ערשט נישט לאַנג פערשריבען געוואָרען אַלס אַ שטאָדט. אַלס אַ שטאָדט ברויך זי צו האָבען אַ דומע, און מען האָט זיך באַלד גענומען צו די לייסטערס פון די בעלי הבתים, וואָס האָבען הייזער און דאָס רעכט אויסקלויבען גלאַסנעס. נאָר דאָ האָט זיך אויסגעוויזען, אז צווישען די 300 בעלי הבתים, געפינען זיך אין גאַנצען 11 קריסטען, די רעשט אָבער זענען יודען, קאַראַימען און טאַטאַרען, דאָס געזעץ פאָדערט, אַז אין קיין דומע זאָל זיך נישט מעהר געפינען ווי אַ $^1/_5$ חלק נישט-קריסטען פון די איבריגע קריסטליכע גלאַסנעס. נאָר דאָס געזעץ קאָן נישט אויסגעפיהרט ווערען אין אלושט, וואו עס געפינען זיך 300 נישט-קריסטען קעגען 11 קריסטען, דעריבער זענען די אלושטער בעלי הבתים אַריינגעקומען מיט אַ ביטע, אז מען זאָל פון זיי אַראָבנעהמען דאָס געזעץ, און מען האָפט, אז מען וועט זיי דאָס נאָכגעבען.

— היינטיגע וואָך האָט זיך אין טשענסטאָחאוו אָנגעהויבען דאָס משפט וועגען די פּאָגראָמען, וואָס זענען דאָרט געווען פאַר עטליכע חדשים. בעשולדיגט זענען מעהר ווי 70 מענשען, איין ערך 100 עדות ווערען געפינען.

— דער סענאַט האָט ערקלערט, אַז יודען סוחרים פון ערשטער גילדיע, וואָס וואָהנען אין פעטערבורג און האָבען דאָס רעכט צו האַלטען אַ געוויסע צאָהל יודישע משרתים און דיענער, ברויכען ביי דער ביטע וועגען ערלויבעניש צו וואָהנען אין פעטערבורג פאַר זייערע משרתים, נישט אויסצורעכענען, ווי ביז אהער, זייערע נעמען, נאָר צו שרייבען ווי פיעל עס געפינען זיך ביי זיי משרתים.

*

## חבורות.

—דער בעסאַראַבער גובערנאַטאָר האָט איבערגעגעבען דעם מיניסטער פון אינערן זיין צופרידענע מיינונג וועגען די תקנות פון דער יודישער בעסאַראַבישער פעלדאַרבייטער פערמע, וואָס איז געגרינדעט דורך ה׳ אַרגיעעוו. לויט די תקנות וועט די פערמע שטעהן אונטער דער השגחה פון ערדאַרבייט׳ס מיניסטער. די חברה יק״א וועט יעדעס יאָהר אונטערשטיצען די פערמע מיט 3,000 ר׳ און די קישינער חברה צו שטיצען יודישע אָרימע לייט וועט געבען באַלד 3000 רובל און יעהרליך 1,500. פּריוואַט האָט די פערמע שוין עקזעסטירט אַ׳ן ערך 8 יאָהר און האָט געהאַט 34 דעסיאַטי׳ן ערד, וואָס דער פּליעגעל־אַדיוטאַנט ה׳ זיקאָוויץ האָט געגעבען צוזאַמען מיט׳ן באַראָן גינצבורג. די ערשטע מיטלען אויף צו גרינדען די פערמע, וואָס האָבען בעטראָפען 22 טויזענד רובל, האָט געגעבען יק״א.

•

## בילדונג

— צו׳ם עפענען די נייע לאַנדווירטשאַפטליכע שולע אין דער קאָלאָניע נאָוואָ פּאָלטאַוואַ, חערס. גוב. האָט דער אַנפיהרער פון דער שולע דערהאַלטען טעלעגראַמען 1) פון ערדאַרבייט׳ס מיניסטער: "איך וואונש געגצליכען ערפאָלג דער נאָוואָ פּאָלטאַוואער שולע און האָף אַז זי וועט אויסשטעלען אמת׳ע ערדאַרבייטער. יערמאָלאָוו." 2) פון דעם משגיח איבער די רעגירונגס פערמעגען אין חערסאָנער אין בעסאַראַבער גובערניע: איך גראַטולירע אייך און אַלע צוגענומענע שילער מיט דער עפענונג פון דער שולע. איך דאַנק, וואָס מען האָט מיך דערמאָנט דערביי; איך וואונש דער שולע צו פערנעהמען אַ בכבוד אָרט צווישען עהנליכע אַנשטאַלטען און אַרויסצולאָזען פון איהרע ווענד פאָרגעבריי־טעטע פלייסיגע ערד־אַרבייטען, וואָס זענען איבערצייגט אין דעם נוצען פון דער לאַנדווירטשאַפטליכער אַרבייט און וואָס האָבען די אַרבייט ליעב. סאַמאַוו." 3) פון דעם אויפזעהער פון ראַיאָן גינזבורג׳ס שולע: "זאָל גאָט בענטשען די שולע, די.לעהרער און די שילער פאַר דעם נוצען און כבוד פון די פעלדאַרבייטער", 4) פון דעם צענטראַל קאָמיטעט פון יק״א: "מיר גראַטולירען מיט דער עפענונג פון דער שולע. מיר ווינשען ערפאָלג צו דעם נוצען פון פעלדאַרבייט און פעלדאַרבייטער."

— דער "יווזש קוריער" קלאַגט זיך אויף די קערטשער מייסטער, וואָס לאָזען נישט זייערע געזעלען געהן אויף די אָווענד-קורסען, וואָס די דאָרטיגע אינטעליגענטען האָבען איינגעאָרדענט. אַנשטאָט ביכליך, שרייען די "בעלי הבתים", וועט איהר ליעבער נאָך אַ פאַר שעה אַרבייטען ביי נאַכט. דער אַנפיהרער פון די קורסען האָט צוזאַמענגערופען די אַלע, וואָס האָבען זיך פערשריבען אויף די קורסען, אין שוהל אַריין, אום דורכצורעדען זיך וועגען פערשיעדענע פראַגען.

— זונטאָג דען ערשטען דעצעמבער האָט די שול-געלעהרטע קאָמיסיאָן ביי דער "חברה מפיצי השכלה" געהאַלטען אַ אסיפה, אויף וועלכער מען האָט איבערהויפּט בעהאַנדעלט די פראַגען פון עלעמענטאַר־בילדונג. לייידער האָט די חברה געמוזט די רוב בקשות וועגען שולען און ביבליאָטהעקען אָבזאָגען, ווייל דער חברה פעהלט מיטלען, די אַלע סומעס, וואָס האָבען איינגעפליעסט אין דער קאַסע פון דער חברה אין דער לעצטער צייט, זענען געגעבען געוואָרען אויף בעזונדערע זאַכען און נישט אויף די שטענדיגע הוצאות, מיט וועלכע די חברה איז נישט פערזיכערט. די קאָמיסיע וויל פאָרלעגען דעם קאָמיטעט פון דער חברה עצות, ווי אזוי מעהר צו פעראינטערעסירען פעטערבורגער און די פּראָווינץ מיט דער חברה און ווי אזוי צו פערגרעסערען איהרע געלד־מיטלען. אזוי, למשל, האָט די קאָמיסיע פאָרגעלעגט אַרויסצושיקען אויף די פּראָווינץ רייזענדער, וואָס זאָלען בעקאַנט מאַכען די יודישע רייכע לייט מיט דער חברה.

*

## שטאַטיסטיק.

אין גאַנץ איטאַליען וואָהנען 43,550 יודען, וואָס זענען צוטהיילט אין 73 ערטער. אין 39 קליינע געמיינדען, וואָס בעשטעהען פון 20—100 נפשות, וואָהנען צוזאַמען 1950 יודען; אין 16 געמיינדען פון 100—500 נפשות יעדערע, וואָהנען 3610 יודען; אין 5 גרעסערע געמיינדען, אין וועלכע עס געפינען זיך פון 500 ביז 1000 יודען, וואָהנען צוזאַמען 3200, אין 14 געמיינדען זענען פאַרהאַן מיט איבער 1000 נפשות. אין רוים אַליין וואָהנען 7400 יודען.

*

## ציוניסטישע נייעס.

דער "ס׳פעטערבורגער זשורנאַל" איז מודיע, אַז ניין סיבירישע ציוניסטישע פעראיינען זענען איינגעקומען מיט אַ ביטע, מען זאָל זיי ערלויבען צו מאַכען אַ ציוניסטישען סיבירישען צוזאַמענפאָהר אין טאָמסק. דער צוזאַמענפאָהר זאָל זיין אין אָנהויב דעצעמבער היינטיגען יאָהר.

*

## ליטעראַרישע נייעס.

אין גיכען וועט ערשיינען אַ זאַמלונג פון ידיעות וועגען די יודען, וואָס בעשעפטיגען זיך מיט ערדאַרבייט אין דער טשערטאַ. די ידיעות האָט די חברה

יק"א געזאמעלט אין פערלויף פון די לעצטע יאהרען, און די בעארבייטונג פון די מאטעריאלען זענען היינט שוין אין גאנצען פארטיג און גרייט צום דרוק.

— אין בערלין איז ארויס פון דרוק אונטער דער רעדאקציאן פון בערטהאלד פייוועל דורך דעם „יודישען פערלאג" א זאמעלבוך מיט דעם נאמען „דער יודישער אלמאנאך". אין דעם בוך געפינען זיך די ארבייטען פון די בעסטע יודישע ליטעראַרישע קרעפטען, יונגע ווי אלטע, רוסישע ווי אויסלענדישע. דאס זאמעלבוך איז געצירט מיט פיעל צייכנונגען און בילדער.

— די פריינד און פערעהרער פון דעם בעקאנטען פערשטארבענעם שרייבער ראובן אשר ברוידעס אין ווין האבען אין 30-טען נאוועמבער גע־מאכט איין אנדענקונגס אָווענד אין זאל פון גראנד האָטעל, וואו עס האט זיך פערזאמעלט א גרויס פובליקום. גערעדט האבען ה' מארטין בובער, ד"ר פוקס, ה' דוד ראַטהבלום. דעם מוזיקאַלישען טהייל פון אָווענד האבען דערפולט די גע־זאַנגען פון ה' לובעצקי און פון אבערקאנטאר ה' עסטרייכער. עס איז פארגעלע־זען געוואָרען ברוידעס'ס א זאך מיט'ן נאמען „אני שלמה" און אויך איין יודי־שע סקיצע. דער אווענד איז זעהר געלונגען.

---

## הַנֵּרוֹת הַלָּלוּ.

„וְאֵין לָנוּ רְשׁוּת לְהִשְׁתַּמֵּשׁ בָּהֶם".

דאס הייליגע פייער פון חנוכה־ליכטליך,
וואס ברענט אזוי העל, אזוי שיין,
בענוטץ ניט פאר דיר אין דיין טעגליכער ארבייט,
לאז ברענען עס הייליג און ריין...
מיין פריינד, אויב עס ברענט דיר אין הערצען א פייער,
א אבגלאנץ פון הייליגען ליכט,
וואס ציהט זיך צום הימעל, וואס שטראהלט און בעלייכט דיר
די נאכט, וואס איז שווער און געדיכט, —
אוי היט עס, דאס הייליגע פייער, ניט לאז עס
זיין פינסטער, פערדונקעלט און קליין,
בענוטץ עס פאר דיר ניט אין טעגליכען לעבען,
לאז ברענען עס הייליג און ריין...

ל. יפה.

---

## צום דריטען חנוכה־ליכטיל.

דער קליינער קבוץ „באיאנער" חסידים פון שטעדטיל א. האט זיך אליין ניט געגלויבט א מאל אזא קלויז צו פערמאגען. פלוצלינג און אומגעריכט — פון א נעדונגען שטיבל — אין אזעלכע ברייטע, איינענע פיער ווינקעליך; ס'איז מעשה נסים.

א צייט מיט יאהרען איז געשטאנען ליידיג דער פלאטץ צווישען שרקע דער בעקערין און ר' לייביל דימאנט. איטליכער פלעגט אהין זיין מיסט ארויסשיטען, און קיינעם איז אויפ'ן געדאנק ניט נעקומען, אז מען קאן דא א געביי אנידערשטעלען. גלייך ביי אלעמען איז אנגענומען געוואָרען, אז דער פלאטץ איז מן השמים געגעבען, ס'זאל מאכען א צווישענשייד צווישען דער ארימער בעקערין מיט ר' לייביל'ס הויף, כדי עס זאל דער נארישער קבצנ'טע אמאל ניט איינפאלען צו געהן לייהען א טעפיל ביי דער שכנ'טע.

לאזט זיך פלוצלינג ארויס א קלאנג, אז דער פלאטץ איז פער־קויפט געוואָרען! היינט — געהערט אין מארגען — שוין א פלויט אנידער־געשטעלט.

און ווער האט עס געקויפט? חנצי־לאה די משוגע'נע! וואס א משוגעת פאלט איין!

אגאנצען ווינטער האט עס קיינעם נאך ניט אזוי שטארק געארט. נאר אז ס'איז געקומען פאר פסח, האט יעדען געפעהלט די רעכטע האנד: נישטא וואו דעם חמץ'דיגען מיסט צו ש'טען — האטש טראג עס צוריק אין די הייזער!

יעדער איז בייז אויף חנצי־לאה'ן, מע וויל זי צורייסען. מילא געקויפט — איז געקויפט! אנ'עק פון שגעון! אבער ווי אזוי פערשטעלט מען דאס דעם וועג מיט א פלויט?

אין חנצי־לאה דארף דוקא האבען צו דער וועלט: אלע מאנטאג און דאנערשטאג געהט זי ארום איבער'ן שטעדטיל, נעהמט צונויף — וואו ברויט, ביי וועמען — א מזומנ'ע קאפיקע; פון ברויט לעבט זי א גאנצע וואך, די קאפיקעס זאמעלט זי אין איין אונטערגעארבייטען זאק. אין שטעדטיל האט מען זי נערופען די משוגע'נע, האטש זי פלעגט קיין סמנים פון שגעון ניט ארויסווייזען. ווער און פון וואנען זי איז, האט קיי־נער ניט געוואוסט. צייטענווייז פלעגט זי זיך אוועקזעצען ביי נאכט אויף א פריזבע, און שטילער פון דער נאכט — וויינען. מעהר ווי דאס, האט אויף איהר ניט נעהאט צו דערצעהלען אפילו צירל די אלמנה, ביי וועל־כער חנצי־לאה פלעגט זיך אויפהאלטען. זי פלעגט אויך זאגען, אז חנצי־לאה איז שווייגענדיג, ווי די וואנד, און אז מען הערט ניט איהר קול, אפילו ווען זי חאפט זיך אויף ביי נאכט און זעצט זיך אוועק וויינען. „ס'א פנים א ספאזמע, — שטויסט זיך צירל אן — ווייטער, אזוי, ווען ס'געהט איהר איבער די שעה, איז זי, אימשטיינס געזאגט, א מענש גלייך מיט אלע מענשען; ענטפערט צו דער זאך, חאטש ניט ווי דער שטייגער פון א געזונדטער יודענע: א ווארט איבער צעהן!"

און חנצי־לאה האט א שלעכטען פאר פסח: אין וועלכע שטוב זי טרעט ניט אריין, פאלט מען זי אן, פאר וואס זי האט דעם פלויט געשטעלט, און זי הערט אויס און שווייגט.

און באלד נאך פסח זענען אויסגעוואקסען ווענד, און נאך שבועות — א דאך. עולם האט אנגעהויבען קוקען מיט קנאה: וועמען גאט שענקט פיער ווינקעליך. קיין קינד קיין רינד און — אליין אזא דירה!

ר' לייביל האט זיך פערזארגט: „נאך דאס פעהלט מיר! א משוגע־נע פאר א שכנ'טע צו האבען!" און האט אנגעהויבען טראכטען א פלאן: צו לייהען אויף דעם הויז עטליכע רובל און נעהמען דעם קאנ־טראקט אויף זיין נאמען.

און אז דאס געביי איז פארטיג געוואָרען, האט הנצי־לאה אריינ־געטראגען דאס לעצטע דרייעריל דעם סופר, און דאס ריינינקייט איז פארטיג געווען — נור א מענטעלע אנצוטהון און אריינצושטעלען אין ארון קדש.

אויף ראש השנה האבען די באיאנער נע־ונד־ניקעס בענייט דאס געביי. ר' ליבלען האט בדיעבד הנאה געטהון: „א קלויז ביי דער האנד איז א שטיק פערגעניגען! היינט קען זיין ער וועט ווערען גבאי!

און הנצי־לאה הערט די אויסרופען, וואס יעדער מאכט אויף איהר חשבון: „אזא קבצנ'טע! אזא משוגעת! און אזא גרויסע מצוה!" נאר זי לויפט דורך און מאכט זיך ניט הערענדיג, זי וויל זיך איינרעדען אז ניט זי מיינט מען.

און שלעכטע צונגען האלטען ניט אויס און צולאזען זיך מיט ווערטעליך אויף איהר חשבון: „יונגערהייט — מסתם געזינדיגט — איז פרום אויף דער עלטער!"

„ס'איז א חאבאר דעם רבונו של עולם, — זאגט זיך בעריל בעז־דזיעטניק, וואס האט געלאזט שרייבען א ריינינקייט, זייט ער האט זיך מיאש געווען פון קינדערהאבען, און האט עס נאך ניט אויסגעצאהלט.

טהייל קומען פשוט אין כעס אריין: „אזא עזות! נעהן קלויבען נדבות, ווארפען זיך אויף קהל, נעהען קריעה ובליה אין די גרעסטע פרעסט — און פערגינען זיך אזא הוצאה, וואס פאסט פאר'ן גרעסטען גביר!"

און חנצי־לאה שטעלט זיך אב, הערט אויס מיט א שמייכעל אלע זידלעריי, שאקעלט אב מיט'ן קאפ, גלייך זי איז מודה אויף אלעמען, וואס דער עולם זאגט אויף איהר, און געהט זיך איהר וועג.

„געזינדיגט,—רעדט זי צו זיך נעהענדיג, - אודאי — געזינדיגט, אז ניט, וואלט דאך מיר אזוי ניט אויסגעגאנגען!"

ווייבער היטען זיך צו געהען דאווענען שבת מברכים אין חנצי־לאה'ס קלייזיל. זיי טראכטען איבער: „די קבצנ'טע וועט זיך אודאי אבנעהמען א שטאדט אין מזרח ביי דער סאמע „מיט". א שען פנים וועט שוין דער מזרח האבען, אימשטיינס נעזאגט. נאר חנצי־לאה געהט דאווענען אין דער גרויסער שול ביים מערב פענסטער. וואו זי האט ביז אהער גדאוונט. זי פערגינט זיך א פנים ניט דאס גליק. זי היט זיך אפילו א קוק טהון אויפ'ן קלויז. זי ווייכט די גאס. זי הויבט גאר אן לייקענען אין דער גאנצער מ'עשה... „די קלויז, בייזערט זי זיך צוממאל, איז די באיאנער קלויז, וואס טשעפעט איהר זיך אין מיר?"

עולם האט זיך ניט אזוי אוועקגעלעגט: בקיצור, באיאנער — איז באיאנער. און ר' לייביל איז צוליעב דעם טאקי געווארען א באיאנער חסיד און גענומען די קלויז אונטער זיינע פליגעל. חנצי־לאה איז, ווייזט אויס, העכסט צופרידען: זי גלויבט א פנים ניט, אז די קלויז בלייבט א קלויז, ביז מען וועט ניט פערגעסען איהר נאמען.

נור איין מאל אין יאהר — צום דריטען חנוכה־ליכטיל אויף דער נאכט האלט זי ניט אויס. דעמאלט האפט זי זיך שטילערהייט אריין אין איהר קלייזיל אין דעם ווייבערישען בוידעם—יענע נאכט איז דאס קלייזיל איהרס — גוט וואס איז קיין מנהג ניט, ווייבער זאלען געהן צו די חנוכה ליכטליך אין שוהל אריין. קיינער שלאגט איהר ניט איבער. זי קאן אין דער פינסטער אוועקשטעלען זיך ביים צפון פענסטעריל און קוקען גלייך אהין צו דער מעגישער דרום וואנד, פערטיעפען זיך אין די דריי ליכטליך, וואס ברענען אזוי פרעהליך, אזוי דרך ארץ'דיג, נור ווי גוטע פרומע קינדערליך... איהר דאכט זיך, זי פערשטעהט זיי—אט, די גוטע פרומע ליכטעליך...

„אט יענס... עטוואס העכער פון יענע צוויי!... נאר ס'בייגט זיך... עס ציטערט, ווי איבערגעשראקען!... עס קנאקט!... ממש עס רעדט!... וועה איז דער מאמען".

און יענע „צוויי"... ווייסען נאך פון גאר ניט!... ווייסען ניט צו שרעקען זיך... נאר שוויינענדיג נעהמען זיי די נשמה...

און דעם גראבען, בייזען שמש... איי! איהם פערשטעהט זי צו פיעל!...

און זי קוקט זיך איין אין די ליכטליך, און עס דאכט זיך איהר — זיי קוקען איהר אויך טיעף אין דער נשמה אריין... און עס ווערט איהר אין הארץ — פריהער — ווארעם, נאכדעם — הייס... הייס ביז צ'ים בריהען! נאר איהר איז ניחא אפילו צו שרפה'נען!... איהר דאכט זיך, זי לעבט נאך א מאל איבער איהר לעבען אין גאנצען... זי האט בכח די שלעכטע צייטען ווי גיכער איבערצושפרינגען, און אויף די גוטע, זיס'ע מינוטען ווי לענגער אבצושטעלען:

זי, איינענטליך, האט ביז יענער מעשה גאר ניט נעהאט צו איהם. מענשען האבען געזאגט, ער איז איין אכזר; זי האט ניט געוואוסט דערפון. שכנות פלעגען איהר זאגען: ער איז א שלעכטער מאן, בעגעהט זיך מיט איהר ניט ווי מיט איין אייגען ווייב, א מאמע פ'ן קינדער. נאר זי האט עס קיינמאל ניט געגלויבט.

ולמאי פלעגט מען זאגען, אז די קלויז האלט איהם פאר שמש נור פאר מורא, ער זאל די בעלי בתים עפ'ס קיין שלעכטס ניט אבטהון—און זי ווייסט דעם אמת, אז די קלויז פלעגט איהם פשוט דארפען: זי ווייסט, אז אלע פרייטאג נאך טשאלענט־פעררוקען, ווי זי זאל ניט געווען מיער זיין, פלעגט ער זי אריינשיקען אין קלויז די פאדלאגע אברייניגען און אבוואשען, און ליכט אין די הענגלייכטערס צו שטעלען. אהן איהם וואלט די קלויז זיך ניט געווען געהאלטען.

שכנות פלעגען ווייזען, אז ער טראגט א גוטען פעלץ און שטיוועל מיט קאלאשען, און זי ווינטערט זיך אין א סיטצען קליידיל מיט לייכטע שיכליך. נאר זי פלעגט לאכען פון זיי: דערויף קומט־ער דאך צווישען מענשען און זי—חוץ וואס אין מארק אריין און נאך פלייש—האט זי ניט וואוהין צו געהען. זי מעג א גאנצען טאג זיצען אין שטוב און אונטעראַרבייטען פרעמדע זאקען און גרעט.

זי האט ניט געקוקט אויף די שלעכטע צונגען, וואס פלעגען זאגען, אז זי הארעוועט ווי איין אייזיל טאג ווי נאכט, ווערט שטאק אלט, און ער זעהט אויס א יונגער מאן — נאר וואס פון אונטער דער חופה! אין אמת'ן האט איהר טאקי גאט ברוך הוא אויסגעהאלפען: פון פ'עמר געניי—אבנעשפארט, א קוה געקויפט. נאכדעם—נאך איינע...

שלעכטע שכנות האבען אויפ'ס ניי געמורמעלט: „אזוי הארעווען ארום צוויי קיה און ארום אזא שלעכטען מאן!"

„יוסיל שמש, — פלעגט סאסי די מעקלערין זאגען מיט לצנות,— האט דריי קיה. די בעסטע פון זיי איז דאס ווייב!" נאר זי פלעגט זיי ניט הערען. זי האט געוואוסט, זיי זאגען דאס אלעס אויס קנאה.

אין אמת'ן האט זי טאקי גאט ב"ה ניט פערלאזט: ביסליכווייז, ביסליכווייז — ארויסגעוואקסען פון שמשות. יוסיל איז געווארען א קצב!

ער איז אבער געווען א קלוגער יוד, מ'הען זאל ער זיך. ער פלעגט רק זאגען: „ביי' זיך איז קיין בושה ניט, סיי וואס מען טהוט און סיי ווי מען הארעוועט. דיענסטען און משרתים נור האבען א טבע—זיך אויסצורעכענען מיט דער ארבייט".

ער פלעגט רק דרינגען: „מען דארף זיך ארויס־רייסען, אויפשווימען אליץ העכער און ווייטער!"

איהם פלעגט א בושה זיין, אז מ'האט איהם גערופען: „יוסיל שמש". ער האט געוואלט פערגעסען, אז ער איז א מאל שמש געוועזען. ווען ער פלעגט אין כעס ווערען אויף זיין חנצי־לאה'ן אזוי, אז טופקען מיט די פיס און הויבען א קולאק איז וועניג געווען — פלעגט ער איהר שרייען: „שמשישע!".

דערנאך... ביים גרויסען מחלוקת צווישען די שוחטים און בעל־טאקסע, ווען יוסיל איז ארויסגעשפרונגען און געדונגען די טאקסע, — דעמאלס האבען שלעכטע צונגען שוין ניט געהאט וואס צו זאגען: ער האט אליין געהייסען נעהמען א דיענסט, האטש וואס דענסמאל איז א סך וועניגער ארבייט געוועזען אין שטוב. דאס ווייב האט ער אויסגעקליידט בגדי מלכות—ממש ווי א שררה'טע.

דעמאלס האט זיך טאקי גאר אנדעריש געלעבט... גרויס כבוד גערהאט פון דער גאנצער וועלט. מ'האט איהם אנגעהויבען צו רופען מיט דעם „ריש". ערשט דעמאלס איז די וועלט געוואהר געווארען, אז ער איז

א אײדלער יוד; ער פלעגט זיין א בּוֹרר, א שליש. זי האט קײן אנדער נאמען ניט געהאט, ווי "הנצי־לאה ר' יוסיל'ס". מ'האט שוין געמעגט פאר ציעקאוואשטש זיך שטעלען איהר אונטער דער פלײצע און רופען: "שמש'טע!" צי אפילו: "קצב'טע!", זי וואלט זיך ניט געווען אנגערופען! זי האט שוין אלײן פערגעסען אין יענע נעמען. פ'עמרע האבען נאך פריהער פאר איהר פערגעסען.

ערשט דענסמאל האט זי פערשטאנען, וואס הײסט "אויפשווימען".

"א גרויסער חכם געווען, א גוטען זכות זאל ער טראגען: ער האט געוואוסט, וואס ער זאגט. אײן חסרון נור געהאט: א גרויסער מקפיד געווען אויף כבוד. "אויף כבוד, פלעגט ער זאגען, הענגט דאס גאנצע יודישקייט!"

דעם גאנצען כעס פלעגט ער ארויסווייזען, ווען עס פלעגט זיך איהם אויסווייזען, אז זיין כבוד איז גע־ריה־רט. דענסמאל פלעגט ער טאקי אויסווייזען, מײנע רייד זאלען איהם ניט שווער זיין, ווי די שכנות פלעזאגען: א גזלן.

און אפילו שפעטער ווען "זי" איז אונטערגעוואקסען...

אוי! דערמאנענדיג זיך אן איהר, דערפיהלט זי א ב־אך אין הארץ... זי מ'ז אבקעה־ען די אויגען פון די חנוכה ליכטליך.

קײנער האט זיך אויף איהר ניט געגלויבט, אז זי איז ערשט זיעבצעהן יאהר אלט!..."

"רויז מײנע, בלומעלע, ווער ס'פלעגט דורכגעהען און דערזעהן זי דורכ'ן פענסטער, פל נט בלייבען פערהילצערט!"

"אויב ס'איז געמאהלט שען און קלוג אין אײנעם, איז'ס ביי איהר נור געווען".

"ווי בייז ער זאל ניט געווען זיין — אז ער האט זי דערזעהן — פלעגט ער א שמייכעל טהון".

"פאלט איהם איין: בילדען דארף מען זי! באמת איז ער אויך גערעכט געווען: עס האט איהר דען עפּיס מעהר געפעהלט, ווי בילדען? וועה איז דער מאמען! אז ניט זי, ווער דען זאל זיך בילדען!"

"קומען לעהרערס אויף לעהרערס; און אײנער לאזט וועלוועלער פאר'ן צווייטען! און אײנער זאגט צו מעהר פאר דעם אנדערען!"

"געפעלט איהם ניט: ס'איז גיט, זאגט ער, לפי כבודו, נעהמען אבי וועלכען, יעדער נעהמט. ער דארף, זאגט ער, נעהמען א רוסישען לעה־ער!"

"על פי יודישקייט, האט ער רק געדרונגען, איז אויך גלייכער—א ניט יודישער לעהרער: "די יודישע, זאגט ער, זענען גרויסע אפיקורסים!" האטש דאס איז שוין געווען העכער פון מיין ווייבערשען שכל! מסתּם האט ער געוואוסט, וואס ער זאגט!"

"און זי לערנט ווי די וועלט; און וואס א טאג ווערט זי אלץ שענער און געזינדטער, אימשטיינס־געזאגט!"

"און זי ווערט בעקאנט דורך "איהם" מיט די גרעסטע! אלע שענקערס פלעגען דורך איהר טובות האבען! אלע מלמדים פלעגען אין איהר זכות לערנען אהן בילעטליך און אהן די משונה'דיגע רײנקייט, וואס מען פאדערט רק ביי זיי!"

"אפילו גנבים פלעגט מען ארויסלאזען אין איהר זכות! הײנט זשע —סאלדאטען אויף פסח צו יודען עסען!"

"כשר'ע נשמה מײנע! געווען אין שטעדטיל—א שטיק גוטער יוד!

"און זי!... וואס מעה־ א טאג, אלין מעהר פערטראכט, אלץ מעהר אומעטיג, אלץ מעהר טרויריג!"

"מיין איך: אזוי דארף זיין פון בילדען זיך. און א'ך קוק או' ש:וייג, און זי שווײגט און קוקט. און דער וויסטער מאמען זאגט מען ניט אוים, ביז דאס אונגליק, אימ'שטיינס געזאגט, איז שוין געווען צו נאהענט!"

"און ער... מיט די קולאקעס — זיך אין קאפ אריין: געוואלד מיין כבוד! געוואלד, זי האט מיך פערפלעקט אויף אײביג!"

"איך שריי: געוואלט איין אונגליק! און ער בייסט זיך די הענד: געוואלט מיין נאמען!"

"איך וויל ראטעווען, און ער —"ס'פערפאלען אין גאנצען!"

"איך ב־עך די הענד, און איהם פאלט איין צו ראטעווען, ווייל מען קאן... און ער רוימט מיר איין: "איין אכטיל לעבט ניט!"

און מיך רייסט ביים הארץ: לעת־עתּה וואס איז א קלײן נפש שולדיג?!

און ער ברענגט דעם אלטען רופא, און מען סוד'ט זיך...

..ון אויף מארגען, וועה איז דער באבען! וואו מען דארף ניט, גיט רער רבש"ע צו פארליך! צוויי דיעמענטען—שטערענדליך! געקוקט, ווי מיט פארוואורף! געשוויגען ווי אויף צו להכעים!

און דענסמאל האט זי ניט אויסגעהאלטען: "גזלן! האט זי געטענה'ט: דריי נפשות!"

און ער קוקט אראב: "א קראנק אבר, — זאגט ער, — אז מען דא־ף שניידען, מוז מען אנהויבען פון געזונדטען ארט..."

און ז'... כשר'ע נשמה... האט אויף איהם אויסגעשטעלט אויגען, ער האט ניט אויסגעהאלטען, ער האט געזוכט ארט זיך צו בעהאלטען פאר איהר!

"געטרייע זאך! פריהער האט זי געלאזט די צוויי נפשות צוגעהמען: זאל דעם טאטענס כבוד ניט געפלעקט ווערען. זי האט נור געבעטען מיט טרעהרען, מען זאל זיי לעגען אויף קבר ישראל. ערשט מיט א מעת־לעת שפעטער, ווען ער איז געשטאנען און געבענשט דאס דריטע חנוכּה ליכטיל, האט זי זיך געהייסען איהם ארײנשיקען... עפּיס האט זי איהם געזאגט... זי האט אבגעגעבען גאט די כשר'ע נשמה און ער איז פון זינען אראב.

"דיינע משפּטים זענען אודאי גערעכט, רבש"ע!"

צום מאל נור טרעט א'הר צו צום הארץ; און דענסמאל, ווען גאט אלײן מיט זיין כבוד זאל שטעהן דא אקעגען איהר, וואלט זי בכּח געהאט גלייך צו פרעגען: פאר וואס רבש'ע? וואס זענען נעביך שולדיג יענע, אונשולדיגע נפשליך?!

ער איז פון זינען אראב; נאר זי איז שטארקער פון אייזען. זי איז נור קראנק געווארען, צו גרונד געגאנגען, איבערגעשיקט געווארען פון איין שפּיטאל אין אנדערן, פערטריבען פון דער היים, ווער ווייסט, צי איז "זי" אפילו געצוימט נעביך? ווער ווייסט, וואו מען האט זיי בעהאלטען?"

נאר אצונד איז זי שוין רוהיג. זי האט זיי אלע דריי איין גוטע מצבה געשטעלט. זי ווייסט ניט אזוי גענוי די גאנצע מעשה פון חנוכּה. זי ווייסט נור עפּיס פון יהודית'ן, וואס האט געטהון א מיאוס'ע זאך... נאר מאנסבילען זענען דורך איהר געהאלפען געווארען... מאנסבילען האלטען זי פאר א צדקת... לויט ווייבערשען שכל איז'ס גאר מיאוס!.. דער סוף איז נאך ערגער פון אנהייב!.. נאר די וועלט פיהרט זיך ניט מיט'ן ווייבערשען, קורצען שכל. די וועלט איז די מענערס.

דאָס איבעריגע פֿון די ליכטליך איז איהר וועניג בעקאנט. אויף איהר דעה מעג מען מארגען ניט מוסיף זיין קיין ליכטיל, איהר איז דער עיקר "היינטיגע נאכט — דריי ליכטליך!" זי פֿערשטעהט זיי מעהר פֿון איטליכען. זי פֿערשטעהט אפילו דעם בייזען שמ"ש אויך. נאָר פֿאַר איהם האָט זי מורא...

ווי ווייט פֿון "זיי" וואָלט זי איהם שטעלען.

יהודה שטיינבערג.

---

## צו אונזערע לעזער.

א טרויעריגע בשורה האבען מיר פֿאַר אונזערע לעזער: „דער יוד" און „די יודישע פאמיליע" ווערען פֿון דעם ערשטען יאנואר אָן פֿערמאַכט.

אַרויסגעבענדיג מיט אַ פֿאַר וואָכען צוריק דעם פּראספעקט אויף דאָס יאהר 1903, האָבען מיר געהאָט אין זינען אריינצוטראגען אין „יוד" און אין „די יודישע פֿאמיליע" נייע פֿערענדערונגען צו גוטען. מיר זענען געווען בעלעבט פֿון דעם פעסטען וואונש, ווייטער צו אַרבייטען פֿאַר די פֿערבעסערונג פֿון בלאַט, וועלכעס האָט זיך אומעטום אמת'ע און ערגעבענע פֿריינד געפֿונען.

אונז איז אָבער ניט בעשערט געוואָרען, צו ערפילען אונזער וואונש. אונזערע האָפֿנונגען זענען פֿאַר דער צייט צורונען געוואָרען, און די דאָזיגע נומער, וועלכע ליגט איצט פֿאַר אונזערע לעזער, איז ליידער די לעצטע.

„דער יוד" איז ניט בעשטאַנען פֿון צופעליג אנגעפילטע בלעטער, וואָס פֿלעגען פֿונאנדער געשיקט ווערען איבער דער וועלט. „דער יוד" איז געווען אַ לעבעדיגער גוף מיט אַ לעבעדיגער נשמה, מיט איהם זענען מיר געווען צוזאמענגעוואַקסען, מיט איהם איז אויך געווען צוזאַמענגעבונדען דער גרעסטער טהייל פֿון אונזערע לעזער. „דער יוד" איז געווען אַ שטיק פֿון אונזער לעבען, און נור מיט אַ וועהטאג אין הארצען קענען מיר זיך אָבשיידען פֿון דעם בלאַט, וועלכעס מיר האָבען געפֿיהרט מיט ליעבשאַפֿט און טרייער אבגעגעבענקייט מעהר ווי דריי יאָהר.

שווער איז אונז געווען דעם „יוד" אנידערצושטעלען, און ווען מיר האָבען עס דאָך געטהון, ניט קוקענדיג אויף די גרויסע צאָהל פֿון זיינע אבאָנענטען, האָבען מיר עס געטהון נור צוליעב סבות, וועלכע זענען געלעגען אויסער אונז און וועלכע האָבען אונז דערצו גענויט.

אונזער צייטונג, וואס איז געווען ארויסגעגעבען אין עסטרייך און וואָס איז געווען בעשטימט פֿאַר די לעזער אין רוסלאַנד, האָט געקענט זיך האלטען, נור כל זמן אין רוסלאנד זענען קיין זשארגאָנישע בלעטער ניט געווען. איצט אָבער, ווען אין פעטערבורג איז ענטשטאַנען אַ טעגליכע צייטונג מיט וועכענטליכע ליטערארישע ביילאגען, זענען פֿאַר אונז ארויסגעוואקסען אַזעלכע שוועריקייטען, ביי וועלכע די ווייטערדיגע פֿיה־ונג פֿון אונזער בלאַט איז געוואָרען כמעט אונמעגליך. מיט גרויסע קאפיטאלען וואלט אפשר נאָך דער „יוד" אויך ווייטער געקאָנט געפֿיהרט ווערען פֿון אויסלאַנד אויס, אבער די קאַפיטאלען, וואָס זענען געווען אין אונזער רשות, זענען ניט גענוג ביי די איצטיגע נייע תנאים. דעריבער האָבען מיר געמוזט — ווי שווער דאָס איז אונז ניט געווען — זיך אבזאגען ווייטער צו פֿיהרען און ארויסצוגעבען דעם „יוד", און מיר האָבען אַלע אונזערע רעכטע אויף דעם „יוד" און „די יודישע פֿאַמיליע" איבערגעגעבען דער רעדאקציאָן פֿון דער נייער פעטערבורגער צייטונג „דער פֿריינד".

זיך געזעגענענדיג מיט דעם „יוד", האַלטען מיר פֿאַר אונזער אנגענעהמען חוב אויסצודריקען אונזער דאַנק דער חברה „אחיאסף" וואָס האָט דאָס בלאַט געגרינדעט און אין משך פֿון די פֿאַר יאהר ניט געשפּארט קיין מיה, צו שטעלען עס וואָס בעסער און שענער. מיר דאנקען אויך פֿון גאנצען הארצען אלע אונזערע מיטארבייטער, וואָס האָבען אויפֿגעהאַלטען דעם „יוד" מיט זייערע אַרבייטען. מיר בעטען, זיי זאלען אונז מוחל זיין, ווען מיר זענען געווים ניט איין מאָל געווען שולדיג געגען זיי, ווען מיר זענען ניט תמיד געווען גענוג פֿריינדליך צו זיי, אזוי ווי זיי האָבען עס געווים פֿערדינט.

מיר דאַנקען אויך אונזערע לעזער פֿאַר זייער פֿריינדשאַפֿט צו אונז און פֿאַר די ליעבשאַפֿט צום בלאַט. מיר מוזען מודה זיין, אַז מיר האָ־ען אויף אַזאַ פֿריינדליכקייט און צוּבונד, וועלכע מיר האָבען אומעטום געפֿינען, גאָר קיין מאָל ניט געוואַרט. די דאנקבארקייט פֿון אונזערע לעזער איז געווען גרעסער, ווי מיר האָבען פֿערדינט. מיר בעטען אונזערע לעזער, אַז אויך זיי זאָלען אונז מוחל זיין, ווען מיר האָבען אונזער בלאַט ניט תמיד געגעבען אַזוי, ווי מיר האָבען עס געוואַלט. מיר זענען גאַנץ ווייט פֿון דעם, מיר זאָלען זאגען, אַז אין אַלץ זענען מיר תמיד גערעכט געווען, אַז אַליץ, וואָס מיר האבען געגעבען, איז תמיד גוט געווען, – נאָר איינס פֿערזיכערן מיר אונזערע לעזער, אַז אַלץ האָבען מיר געטהון מיט דער בעסטער כונה, אַז אונזער פֿערלאַנג און אונזער וואונש זענען תמיד ריין געווען, אַז מיר האבען מיט דער גרעסטער אבגעגעבענקייט זיך תמיד בעמיהט צו געבען נור דאָס ריינסטע, בעסטע, שענסטע און ניצליכסטע, וואָס מיר האָבען נור געקאָנט געבען.

ד״ר. יוסף לוריא, רעדאקטאָר פֿון „יוד".

---

## די אבאָנענטען

וועלכע האבען אונז אריינגעשיקט געלד אויפ'ן יוד 1903, בעטען מיר מודיע צו זיין, וואס מיר זאלען טהון מיט דעם געלד, אויב עס צו פערווענדען אויף אויסשרייבען פאר זיי „דעם פריינד" אדער העברישע און רוסישע צייטונגען אויב שיקען זיי ביכער, אדער או מקעהרען דאס געלד.

## חברת אחיאסף.

---

### נ ד ב ו ת.

#### לאוצר הלאמי.

| | |
|---|---|
| י"א אלישוב ורעיתו מברכים את שושנה נתנסון לחתונתה | 1 — |
| סמילטען. מאת ה' אברהם זאמעליאן מה שנאסף על ב"מ אצל ה' ישראל שניידער מאנשים שונים | 1 72 |
| קיוב. מאת ה' נחמי' מאצקין מה שנאסף בביה"מ של האחים מאצקין | 11 — |
| לאה פיינשטיין ושאול אש ורעיתו מברכים בברכת מו"ט את מר י"צ קפלנסקי לחתונתו | 1 — |
| מעזריטש. על חתונת ה' בצלאל אושקאף נאסף | 1 — |
| על משתה התנאים אצל ה' יעקב קארלאוועצקי | 1 77 |
| על חתונת ה' יוסף שמוגליסקי נאסף ע"י ה"ה יודיל יבנה ואהרן הורוויץ | 1 95 |
| מקערת עיוה"כ בנאוואגעראנעווסק ע"י אברהם פינסקער וישראל יאנפאלסקי | 2 — |

נאסף בבית החתן צבי יאומען — 50
לזכר הערב בבית ה׳ דוד ראסנער 1 —
ה׳ יודיל דולמאנן —- 75
ע״י ה״ה פאנארעלסקי ודאָנער בנאוואאסיליעווסק 4 10
על חתונת מר הלל האפאייוען נאסף ע״י הש״ק 1 63
הש״ק ה׳ פאדען לזכר נשמת אחותו — 18
יצחק אטליבניק באודיסה לאות ברכה לידידו גרשן גינצבורג לחתונתו 1 —
נאסף ע״י האגודה „זרע ציון״ באודיסה 1 05
בהשתדלות ה׳ מענדיל צעיר במוהילוב נאסף 3 20
על נשף ציוני במיטוי נאסף ע״י ה׳ יודעלעוויץ 5 68
נאסף מאנשי הצבא הציונים בסעוואסטא פאל 9 —
לזכרון התינת מר אהרן זיגעלבוים נאסף ע״י חברי האגודה „ציונה״ . 4 85
ע״י ה׳ מיטעלמאן בניספארעני 1 —
בכפר מאשקאהוץ נאסף ע״י ה׳ ג׳ בורלע 3 60
על משתה ה„מלוה־מלכה״ אחר חתונת ה׳ אפרים בויער נאסף בווערבקאוויצי 2 15
בעיוה״כ נאסף ע״י ה׳ וויינער בזאבריטשאני 8 40
ביאנארליק (פאדאליען) נדבו העולים לתורה ביום שמחת תורה העבר נ. ל. ראקאב 1,26 ר׳, י. בראדסקי, דוד וויטקאווסקי, ש. באקמאן, ז. ליוושין כל אחד 1 ר׳, א. אווערבוך 80 ק׳ א. וואלאסקי 54 ק׳, י. פארוים, א. רעזאק מ. פלאט, א. ל. גאלדין, י. טאבאצניק, צ. ארבעט, ח. ראקאב, ניקאפף, א. בריטמאן, א. יאצקאיער, א, י. בעקעראן, א. פינקעלזארט כל אחד א 50 ק׳, י. פאחים 40 ק׳, ש. פאחים, ש. מאלאקישער, ש. מרגלית מ. יאצקאיער, י. דובאווי, א. וויטקאווסקי, נ. באנדער, ח. ליוושין, ל. יצקיניווקער, ש. וואקס, כ״א א 25 ק׳, א. קרישטיין, ד. פאהים כל אחד 15 ק׳ סך־הכל 16 30
צור האכצייט פון יצחק שפייזמאן איז צוזאַמענגענומען געוואָרען דורך יחיאל פרענקעל ראראם 2 —
מאנשי הצבא הציונים של הגדוד הביאליסטאקי ע״י אסף מאצאָוו סעוואסטאפאל 9 —
נדבת הה׳ שלמה פין, אבא צוקערמאן, מ. פין, י. מ. פין, מ. פארטנאי יהודה פין, ב. קאפלאן, יוסף יאסעם צבי שגל ואחרי נכיון פארטא 1 85
י. וואלאק על ברית מילה ע״י רוזענבוים. 2 30
ש. צ. זעצער בברכו את בת דודו ר. גילברג ליום נשואיה נדב 1 —
את כסף ההתערבות בין ש. קצין ובין צ. זעצער שולח האחרון — 50
רוזה קראל מזיטאמיר בברכה את הירש אברמוביץ ואת דורה רפפורט ליום חתונתם בריגה נדבה — 50
בהתאסף הציונים בזיטאמיר לבחר במורשה מטעם ועד האדסאי בחרו בח ד״ר סקומורבסקי ולאות תודתם למורשה הישן מר ב׳ עפשטיין על עבודתו של עשר שנים לטובת הועד נדבו 3 10
על מז״ט אצל א. מאנאווסקי בזיטאמיר נאסף ע״י ש. קצין 1 25
משה ווייסענבערג נדב 1 —
רייזיל מודיליעווסקיא, דאָבע אקאן נדבו 1 20
ה׳ ד. צעכאנאווער: על חתונת ה׳ גדליהו נאנורק עם העלמה פעסע בערלין בדראבין ע״י סערענא ודוד צעכאנאווער 2,31 ר׳, על חתונת העלמה לעווין בדראבין ע״י שמואל יעקב בודקע 72 ק׳, ע״י שרגא רוזשאוו על חתונת אחותו עם ה׳ וואלף גרושקי בשוראמין 55 ק׳, יצחק מאיר נאלדוואסער בעלותו לתורה בש״ת נדב 50 ק׳. 4 08

ס״ה 113 61

כנו׳ 48 היה טעות ות׳ בנות צון בפאמפיאני צ״ל בפישאלאט.

סטוד. א. אזינסקי מינכען: פון קאוונא׳ער ציוניסטען פון פערקויפט אלט פאפיער 10,50 קראָנען.

בס״ה 1403,47 רו״ב; 52,58 קראָנען; 47,99 פראנק.

## לישא״י:

בוואשילקאווא נאסף בקערות עיוה״כ בביהכ״נ ע״י המפקח ה׳ מאיר שפירא ובביהמ״ד אורח חיים ע״י המפקח ה׳ כהן 4,20 ר׳.

## לטובת בני ברודס

מ. רונסקי מזיטומיר 45 ק׳, רבינר, אורטנברג, ברן פסחביץ טרטקובסקי מזיטומיר כ״א 20 ק׳. ס״ה 1,45 ר׳.



Verlag „Achiasaf“. Verantwortlicher Redacteur M. Berkowicz Herausgeber u. Buchdrucker Josef Fischer in Krakau

# אינהאלט:

## פובליציסטיק.


אויפרוף 15
א., דער ווייסער האנדעל 1
אוסישקין מ., דער נאציאנאל פאנד 22
אייזענשטאדט מ. א. ד״ר, פעראייניגטע חדרים 26
ביכאווסקי ז. ד״ר, א אפענער בריף צו דער ביהן 44
בן-זאב א., פון יודישען פאמיליען-לעבען 47, 48
בערנפעלד שמעון ד״ר, מחשבות און רעיונות צו פסח 16-17
אביסיל שנארער-פאליטיק 2
בערלינער ד-ר, דער חנוכת הבית פון דעם יודישען קראנקען הויז אין ווארשא 27
בעל מחשבות, טענות און מענות 29, 37
גר-צדק, אונזערע שונאים די אסימיליאטארען 27
" " יק״א דרוקט א רעטעניש 29
" " תשעה באב 32
ד״ר הערצעלס רעדע 2
דער 5-טער ציוניסטען קאנגרעס 2
ד״ר הערצל אין קאנסטאנטינאפאל 10, 34
דעם אלטענס אייניקיל, דער יודישער פּורים-באל אין ווארשא 15
ד. אויף די חורבות 15
דער דין וחשבון פון דער חברה יק״א 21
ד״ר הערצל אין דער ענגלישער פארלאמענט קאמיסיאן 30, 31
דער באלאנס פון יק״א 34
דאס פראגראם פון דער ציוניסטישער אסיפה אין מינסק 35
דאס נייע געזעץ אקעגען ארטעלען אין רוסלאנד 35
דער צירקולאר פון די רומענישע יודען 41
דאס נייע פראיעקטירטע פאמיליען רעכט אין רוסלאנד 44-45
דער קליינער קאנגרעס 46
די אסיפה פון דער יודישער פאלעסטינער חברה 47
די 5 אסיפה פון דער יודישער באנק 47
די אדעסער אסיפה 48
ווארטסטמאן י. דער נאציאנאל-פאנד 6
" ,, נייע פראיעקטען 18
" ,, די אסיפה פון די ענגלישע ציוניסטען 34
" ,, פון יודישען לעבען אין בערן 35, 44 45, 46,
" ,, יודישע פרנסות אין לאנדאן 49
זאנגווילס רעדע אין לאנדאן 8
זכאי, סכות 42-43
י״ה, ד״ר זינגער איבער די יודען אין אמעריקא 20
י. ל. דער קאנגרעס 1
" " די ציוניסטישע פאלקס פארטיי 4
" " וואס האט אונז געגעבען דער 5-טער קאנגרעס 7
" " ארץ ישראל און דער אדעסער קאמיטעט 10
" " די פראטעסטען 13
" " אונזערע ציוניסטישע פארטייען 20
" " די רומענישע עמיגראציע 21
" " יודישע פאבריק-ארבייטער 23
" " נאציאנאלע ערציהונג 28
" " די פאליטיק און ציוניזם 31
" " אונזער תשובה ה׳ מארגאליס׳ן 36
" " דאס פראגראם פון דער פראקציע 37
" " די אסיפה פון די רוסישע ציוניסטען אין מינסק 38, 39, 40
" " די רעזולטאטען פון דער מינסקער אסיפה 40
" " אמעריקא און די רומענישע יודען 41
" " די פאליאקען און יודען אין פרייסען 46, 50
" " דאס נייע פראגראם פון דעם אדעסער קאמיטעט 47
ליליענבלום משה ליב, לאמיר לייענען די מגילה 12
לא-ספרא, א שטימע פון פאלק 34
לעווין מענדיל, דאס יודישע לעבען אין אדעס 14
לצפר, ליטעראטור און לעבען 37, 41, 42-43,51
מ. ב. די 2-טע אסיפה פון די עסטרייכישע ציוניסטען 22,23
מרגליות מנשה, א בריעף אין די רעדאקציע 36
מאסינזאהן בן-ציון, די אדעסער אסיפה 50
נארדויס רעדע 3
N. כרמל און טערקיי 9
N. וואס הערט זיך אויף דער וועלט 49
עבא, שבועות׳דיגע געדאנקען 24
פיינויל בערטאלד, צו דעם קליינעם קאנגרעס 44
פון דער פאלעסטינער חברה 45
פאלקסמאן ד״ר, מניגים און חדרים 48
צו דער אבטהיילונג פון דער בילדונגס חברה אין אדעס 7, 8
צוויי רוסישע שריפטשטעלער איבער דעם ציוניזם 11
K. קלייבען געלד 5, 6
ק. די מיליאנען פון דער פרוי העמבער 27
K. די אלגעמיינע אסיפה פון די שווייצער ציוניסטען 30
קרופ און זיין טויט 51
ראזענפעלד ש. די סטודענטען אסיפה 1, 2
" " די אסיפית פון די רוסישע דעלעגאטען אין באזעל 2
" " דער פינפטער קאנגרעס 3, 4
" " דער סך-הכל פון 5-טען קאנגרעס 8, 9
" " איין פאליטעכניקום אין פאלעסטינא 11
" " די ערשטע נאכט פון פסח 16-17
" " דער נאציאנאל-פאנד 33, 36, 37
ר. די אסיפה פון דער בילדונגס חברה אין אדעס 25
" " א ווידער קול 44
שאך פאביוס, א שטיק ברענענדע קולטור פראגע 11
" א פוסטער פאראנדיק 14
" פסח׳דיגע געדאנקען 16-17
" " אריסטאקראטישע צדקות 19
" פאלשע דאקטוירים 35
" די פערבעסערונג פון זשארגאן 49
שטיצער ד״ר, פאלעמיק 46, 48


## פאליטישע איבערזיכט.


י. ל. אין אלע נומערן אויסער 2, 12 29 32, 34 37, 38, 39, 44, 45 47,50


## בריעף.


א בריעף אין די רעדאקציאן 11
אבי-שם, בריעף פון גראדנא 45
בריעף אין די רעדאקציאן 13
גינצבורג אשר, מאצקין א. וכו׳ א בריעף אין די רעדאקציע 5
גרינבערג אברהם, " " " " 5
ג. כ. בריעף אויס גאליציען 51
דער אלטער ציוניסט, בריעף פון ארץ ישראל 9
הענעס מ. אויס גאליציען 6, 8 10, 36
לעווין מענדיל, פון יודישען לעבען אין אדעס 5, 37
לובעצקי י. א. בריעף פון וויען 22, 28
שפיעגעל נתן, ניו-יארקער בריעף 34


## ביאגראפיען.


ברוידעס ראובן אשר 45
בעל מחשבות, מרדכי בן מתתיהו אנטאקאלסקי 31, 32
זאגאראדסקי י. ח., ד״ר יצחק ריליף 41
י. ל., עמיל זאלא 42-43
סירקין מ. נ., מיכה יוסף הכהן לעבענזאהן 15
פרידבערג א. ש. 14


## צייטונגסשטימען.


לעזער א., פון דער פוילישער פרעסע 33
עכא, 21, 23


## צווישען אונז גערעדט.


עכא 19


## יודישע שטעדט און שטעדטליך.


אמת, און די ב י ה ן, אין אלע נומערן אויסער 2,3,7,8,12, 14, 16-17, 25,37,46,48


## מען שרייבט אונז.


14, 23, 24


## די יודישע וועלט.


אין אלע נימערן אויסער 5, 12


## אלגעמיינע וועלט-נייעס.


3, 6, 7, 8, 10, 11, 13, 14, 18, 19, 20, 21, 22, 23, 32, 33, 40, 41, 44, 48.


## איבער דער גרויסער וועלט.


9, 24


## געדיכטע.


ברוכאוויטש י. ל. א חלום 14
" " משה אין דער מדבר 16-17
" " אין א חנוכה-נאכט 52
הופענשטיין א. 9

| | |
|---|---|
| הורוויץ מנחם מענדיל | 26 |
| ״ ״ מיין ליעד | 33 |
| וואלט א. דער טויט | 1 |
| ״ ״ אין קבר | 10 |
| ״ ״ אויפ'ן פריהלינגסהימעל | 16-17 |
| ״ ״ דער נסיון פון א תנא | 20 |
| ״ ״ | 25 |
| ״ ״ זי האט איהר שענע וועלט פערלאזען | 46 |
| ווארשאווסקי מ. מ. די וועלט | 8 |
| יהואש. ווי ווערען געדיכטע געמאכט | 21 |
| יפה ל. ס'איז דא א וועלט | 7 |
| ״ ״ אין בית המדרש | 32 |
| ״ ״ דער שמש | 52 |
| ״ ״ הנרות הללו | 52 |
| כאלאכאווסקי הלל, דאס ווארט פון נביא | 41 |
| פוקסאהן אפרים, צו די פייגעליך | 18 |
| פיכמאן יעקב | 19 |
| ״ ״ אום ווינטער | 47 |
| פרישמאן ד. פאר משיח'ן | 16-17 |
| קאפלאן מיכל, מרדכי | 13 |
| ראזענפעלד מאררים, מיט מיין יונגעלע אין גאס | 16-17 |
| רייזען אברהם, מיין שפיעלען | 11 |
| ״ ״ לכבוד שבועות | 42 |
| ״ ״ דאס געבעט | 28 |
| ״ ״ איז אוועק צום קריג דער מלך | 36 |
| ״ ״ הערבסט נגונים | 42-43 |
| ״ ״ צו ארימע יונגליך | 44 |
| | 48 |


## ערצעהלונגען.


| | |
|---|---|
| ארנשטיין מ., די בוימער דאוונען | 5 |
| ״ ״ דיינו | 18 |
| אבראמאוויטש ש. י., ספר הבהמות | 26, 27, 28, 29 |
| איש שלום, די מאמע מיט דער טאכטער | 6 |
| ״ ״ אהן א בארד | 12 |
| ״ ״ אהיים | 16-17 |
| ״ ״ א בערגיל ערד | 19 |
| ״ ״ וועג בילדער | 20 23, 25 |
| ״ ״ תשעה באב | 32 |
| ״ ״ שמחת תורה אין דער קצב'שער שיהל | 42-43 |
| ברייניין ר., ערינערונגען פון 4-טען קאנגרעס | 13 |
| ״ ״ סדר-נאכט אין בערלין | 16-17 |
| ״ ״ שפאצירגאנג דורך בערלין | 23 |
| גאנצאר א. מ., דער לעצטער וואונש | 31 |
| גרשון בן גבריאל, שלשת ימי הגבלה | 24 |
| וואלפזאהן אברהם, משה דער אלטער משרת | 13, 14, 15 |
| זנגוויל ישראל, די שבת-גויה | 47 |
| טאוואטע היינעין, עלענד | 20 |
| לעווין ליפמאן, הנה'לע | 7 |
| ״ ״ אנ'אוצר | 12 |
| לאזארעוו מ., דער סדר אין קיך | 16-17 |
| ״ ״ דער רייכער קרוב | 50,51 |
| לעווין ז., פאפירענע קינדער | 22 |
| לעווין ליפמאן, פאר א חתונה | 28 |
| ״ ״ שמחת תורה | 42-43 |
| לאזעבניק מ. ב. נאך ימים טובים | 45 |
| נאמבערג ה. ד. צווישען טאטע-מאמע | 1 |
| ״ ״ ״ אויף מיין קווארטיר | 36, 37, 38, 40 |
| ״ ״ ״ אין א פוילישער ישיבה | 44, 45, 46 |
| ספעקטאר מ. א השבון | 9 |
| ״ ״ דאס פסח'דיגע געפעס | 16-17 |
| עדוויי ק., ליעבע | 8 |
| ערליך מ. רעשט | 11 |
| ״ ״ פעשטערט די סעודה | 12 |



| | |
|---|---|
| פרץ י. ל. משנת חסידים | 19 |
| ״ ״ ״ ר' שלמה און זיינע מעשה'ליך | 21, 25, 26 |
| ״ ״ ״ דער אלטער ר' שמעון | 42-43 |
| ״ ״ ״ דער נדבן | 48, 49 |
| פרישמאן ד., מטות און מסעי | 30, 32, 33 |
| רייזען אברהם, דער לעהרער | 10 |
| ״ ״ דער רייכער | 15 |
| ״ ״ די שפייזערין | 23 |
| ״ ״ א דראמע איבער 5 קארטאפלעס | 29 |
| ״ ״ קלייניגקייטען | 33 |
| ״ ״ ווייבערשע שרעק | 34, 35 |
| ״ ״ דער שכור | 42-43 |
| ״ ״ דער הונד | 48 |
| ״ ״ במקום ווינד | 51 |
| שטיינבערג יהודה, בעריל וואסער-פיהרער | 2, 4, 5, 6, 8, 9, 10, 11 |
| ״ ״ חיים ראזענבערג | 12 |
| ״ ״ דער ערשטער פסח | 18/17 |
| ״ ״ פון שבועות ביז תשעה באב | 24 |
| ״ ״ א ארימע נדבה | 41 |
| ״ ״ דאס דריטע חנוכה-ליכטיל | 52 |
| שלום עליכם, מה נשתנה | 16-17 |


## פעלעטאנען.


| | |
|---|---|
| ארמאנט י. פון יענער זייט קאנגרעס | 41 |
| אש שלום, דער דארף-צדיק | 40 |
| ״ ״ א לייטארטיקעל אדער א פעלעטאן | 43 |
| באדער גרשם, משה | 18 |
| גוט-מארגען, א פעקיל מעשיות | 33, 34, 35 |
| ״ ״ ווי מען מאכט א שטרודיל | 38 |
| ״ ״ מיין זיידענס סוכה | 44 |
| ״ ״ די גרויסע מחלוקת | 45 |
| גרשון בן גבריאל, ברוך דעם רב'ס | 36, 37 |
| דינעזאהן, דאס פלעשיל | 28, 29, 30 |
| דער ליך פון רעדאקציע, וועגען קאנקורענץ | 20 |
| יכנה"ז, א פאר פאלק | 31, 32 |
| לעווינסקי א. ל. אביסעלע קאנגרעס לשון | 3 |
| מולטאטולי, די ברכה | 46 |
| מרדכי בר הלל. חנוכה-מעשיות | 52 |
| פרידבערג א. ש., די השמונאים | 13, 18, 21 |
| פרישמאן ד., תיקון ליל שבועות | 24 |
| צופעליג י. ל. ווי אזוי די וואלד-ישיבה איז בטל געווארען | 47 |
| קיפלינג רידיארד, דאס בוך פון דעם ווילדען וואלד | 23, 25, 26, 27 |
| קפלן אפרים, משיח'ס צרות | 11 |
| רבי-קצין, זומער לעב | 37 |
| רייזען אברהם, אין א זומער-מאנטיל | 49 |
| ראזענפעלד ש., מחון און רעדען | 50 |
| שלום-עליכם, קליינע מענשעליך | 1, 2, 4, 5, 6, 7, 8, 9, 10, 12, 13, 14, 19, 22 |
| שטייגבערג י. מאנצי ר' שלמה'ס | 51 |


## קריטיק.


| | |
|---|---|
| ברייניין ר. עטוואס איבער ליטעראטור | 21 |
| שאך פאביוס, א וויסענשאפטליכעס בוך איבער זשארגאן | 18 |


## וויסענשאפטליכע ארטיקלען.


| | |
|---|---|
| אלמוני, טעכנישע ידיעות | 9, 13, 15 |
| בעלענקי ש. וועגען פאלקס און קינדער ביבליאטהעקען | 49 51 |
| ברוכאוויץ י. ל. יודישע געשטאלטען אין דער וועלט ליטעראטור I שיילאק | 6, 7 |
| ״ ״ ״ ״ ״ ״ ״ ״ II נתן החכם | 29, 30, 32. 25, 27, 28, |
| טעכנישע אנטווארטען | 30, 33, 34, 35 |
| י. ל. ערדציטערניש | 10 |
| לעווין ג. ד"ר, מעדיצינישע ידיעות | 28, 29, 33 |
| ״ ״ ״ מעראן | 46, 47 |
| פלוני אלמוני חיים-מאיר, לופט אין דער פארם פון וואסער | 1 |
| ״ ״ ״ טויבענפאסט אויף דעם ים | 5 |
| פרענקעל יעקב, וואונדערליכע אפעראציעס | 15 18, 19 |

## לייעדער מיט נאָטען.

עס זענען ארויס 6 לייעדער מיט נאָטען (קלאַוויר בעגלייטונג) א) שלאָף מיין קינד, ב) על נהרות בבל, ג) חד גדיא, ד) תחית המתים ה) פרייטאָג נאך האלבען טאג, ו) על הר העברים.
667

צו בעקומען ביים פערפאסער:
*Ясногродскій м. Рокитно, кіев. губ.*
און אין אלע קיעווער בוכהאַנדלונגען.

---

222222



שען
פאר
יעדען
יוד.

איינע פראַקטישע יודישע וואנדאוהר פיין פאר שולען און חברות מיט גאַראנטיע אויף 3 יאהר אויסגעארבעט פון 2 זאָרטען האָלץ מיט איין פיין ני ל-נעהייזע ווערט ארויסגעשיקט אויף נאַכנאהמע פיר 3,75 רובל.
אוהרמאַכער בעקומען ראבאַט!
*И. Каганъ, Варш ава, Павья*

---

# НИВА

ОТКРЫТА ПОДПИСКА НА **1903 г.**

Кромѣ 52 нумеровъ самаго журнала и другихъ къ нему приложеній

ПОДПИСЧИКИ ПОЛУЧАТЪ:

Полное собраніе сочинен. **Ант. ЧЕХОВА** въ **16** томахъ

(цѣна въ отдѣльной продажѣ **17 р. 50 к.**), которое будетъ отпечатано четкимъ шрифтомъ на хорошо-глазированной бумагѣ и будетъ выдано въ теченіе ОДНОГО 1903 ГОДА.

**24** остальныхъ ТОМА полн. соб. соч. **Н. ЛѢСКОВА**

(цѣна въ отдѣльной продажѣ **17 р.**), значительно дополненнаго многими произведеніями, не вошедшими въ прежнія изданія, въ томъ числѣ: **По поводу „Крейцеровой сонаты"**, **„Мелочи архіерейской жизни"**, **„Расточитель"** и др.

**12 книгъ** „ЕЖЕМѢСЯЧНЫХЪ ЛИТЕРАТУРНЫХЪ И ПОПУЛЯРНО-НАУЧНЫХЪ ПРИЛОЖЕНІЙ", **ВСЕГО**

**52 книги,** *т. е. независимо отъ другихъ приложеній,* ПО ОДНОЙ КНИГѢ ПРИ КАЖДОМЪ № „НИВЫ"

**ПОДПИСНАЯ ЦѢНА** за годовое изданіе, со всѣми приложеніями: **ВЪ С.-ПЕТЕРБУРГѢ:** безъ доставки — **6 р. 50 к.**, съ доставкою — **7 р. 50 к.** **СЪ ПЕРЕСЫЛКОЮ ВО ВСѢ МѢСТА РОССІИ 8** руб. За границу—12 р.

**РАЗСРОЧКА ПЛАТЕЖА въ 2, 3 и 4 срока.**

Лица, не состоявшія подписчиками въ 1902 г., могутъ получить, при подпискѣ на 1903 г., за весьма небольшую единовременную доплату (безъ доставки въ СПБ.—1 руб. 50 к., съ доставкою въ СПБ. и съ пересылкою во всѣ мѣста Россіи и за границу — 2 руб.) — **первые**

**12 ТОМОВЪ** полнаго собранія сочиненій Н. С. Лѣскова, которые были приложены при „Нивѣ" въ 1902 году.

Подробное иллюстрированное объявленіе о подпискѣ высылается безплатно.

АДРЕСЪ: Спб., Контора журн. „Нива" (А. Ф. Марксъ), М. Морская, № 22.

---

צו בעקאָמען איבעראלל אויף 1903 יאהר

# א. ראסקינ'ס

יודישע אבריים-קאלענדערן (14-ער יאהרגאנג)

1) ראסקינ'ס יודישער גרויסער, היסטארישער קאלענדאר פרייז 30 קאָפ' מיט פּאָרטאָ 40 קאָפ'
2) ראסקינ'ס יודישער הומאריסטישער פאלקס-קאלענדאר פרייז 17 קאָפ, מיט פארטאָ 23 קאָפ'
3) ראסקינ'ס יודישער וואכען-קאלענדאר פיר סוחרים צום נאָטירען, פרייז 50 קאָפ' מיט פארטאָ 65 קאָפ'
4) Русско-Еврейско-Магометанскій ежедневный отрывной и записной календарь. Цѣна 30 коп. съ пер. 45 к.
5) Конторскій еженедѣльный календарь для замѣтокъ изящное изданіе на артистическомъ плакатѣ. Цѣна 50 коп. съ перес. 65 коп.
6) Коммерческій календарь и записная книжка со многими справками и свѣдѣніями. Цѣна въ клеенчатомъ перепл. 40 коп. въ англійскомъ переплетѣ 60 коп. (пересылка 15 коп.)

מיט איין נאכנאהמע קאָסט נאך 17 קאָפ.

לסוחרים ראבאט טוב!

בעשטעלונגען צו אדרעסירען:

Контора изданій А. Б. РАСКИНА, ВАРШАВА, Дикая 5.j.

פארזיכטיג

עס האָבען זיך בעוויזען נאכפעלשונג מיט עהנליכע עטיקעטען, ביטטען מיר די געעהרטע קויפער אין אייגענער אינטערעססע גוט אַכטונג געבען אויף דער פירמאַ **א. ראסקין** און אויף דעם קאלענדאר זעלבסט, נישט נאָר אויף די עטיקעטען.
665

---

## АГЕНТЫ

нужны во всей Россіи на жалованье или на проценты для распространенія заграничныхъ дверныхъ табличекъ. Обращаться къ Э. С. Гальперину въ Одессѣ, Дальницкая 31.

---

**ФАБРИКА и СКЛАДЪ**
**Морскихъ Раковинъ**
въ очищенномъ и шлифованномъ видѣ
Изготовленіе изъ бронзы и Раковинъ
Письменныя, галантерейныя туалетныя и роскошныя вещи. 579
А также отливаніе по моделямъ всѣхъ металловъ.
Адрес: **В. А. ТРАЙНИНУ**
**Варшава**, Налевки 35.

---

655 **אהוב את המלאכה**

אלע סארטען שפיגעל - מאַכען גרינדליך לערנט אויס דער 25 יעהריגער פראקטיקאנט אין די שפיגעלפאבריקאציאן

**Юдка Вейнблятъ**
Варшава, Слизская 22.

---

מוזיקער אונד מוזיקפריינדע!
בעקומען פאָן מיר פּראָספעקט פונ'ם בריעפליכען אונטערריכט אין טהעאריע דער מוזיק אין לשון-קדש און זשארגאָן. פיר 14 ק. מאַרקע.
*А. Б. Бирнбаумъ, Ченстоховъ.*
*A. M. Birnbaum, Czenstochau.*

---

יעדער וועלכער וויל בעקומען פרישע שמאקהאפטע היימישע מיטאגען צו מעסיגע פרייזען קען עס בעקומען ביי

**י. ה. פאזשעס, ווארשא**

דזיקא 11, וו. 13 1-טער שטאק.
573

---

## לבעלי בריתי לזכרון תמיד!!!

אדריסתי היא רק בת ג' מלים:
**Я. Нейдичъ Варшава.**
פראָספעקט ישולח חנם לכל דורש

---

פאנאמא זייף!:
**„A B R U S S"**

צו וואשען דאמסקע און מענזקע גארדעראָבען. רייניגט אלערליי פלעקען, הויפט פערקויף און אפּטעקען סקלאד:
607 J. Prutman
אין ווארשוי לעשנא נו' 97.

Dostawcy Dworu Jego Cesarskiej Mości

# TOWARZYSTWO BRACI K. i S. POPOW

P. P.

Niniejszem podajemy do ogólnej wiadomości iż wskutek nadużyć przy **sprzedaży herbaty** naszej, w cenie Rb. 1 kop. 60 za funt, **pakowanej w tekturowe pudełeczki** wagi **jednego łuta,** Zarząd Towarzystwa Braci K. i S. Popow uznał za konieczne zmienić dotychczasowe opakowanie łutowych paczek, które odtąd, zamiast w tekturowe pudełka, pakowane będą tylko w papier.

**Pakunek herbaty w paczkach łutowych zostaje takim, jakim był poprzednie,**

**waga zaś samej herbaty wynosi jeden łut.**

---

## װאָרנונג!

דא אין די לעצטע צייטען האָבען זיך פיעלע פעלשער געמעהרט, וועלכע אום צו בעטריגען דעם פובליקום, מאַכען זיי נאָך אויף זייערע געמיינע נאַכ-אַהמונגען צייכען וואָס זענען אָהנליך צו אונזערע כטעמפלען, דאַרום ביטטען וויר געפעלליגסט צו בעאָבאַכטען גענוי אויף אונזערע סטעמפלען, בעזאָנדערס אויף יערען איינציגען סאָרט, לויט ווייטער בעצייכנעט.


GALW. N NORBLIN i S[a] — בעשטעקקע געוועהנליך פערזילבערט


GALW. N D NORBLIN i S[a] — דאָפפעלטע


GALW. N N. B. M. NORBLIN i S[ka] — זופענלעפפעל אינוועננדיג פערגאָלדעט


GALW. Z N NORBLIN i S[a] — בעשטעקקע אויס נייען ווייסען מעטאל

אקציען  געזעלל־שאפט

## Norblin, Gebr. Buch et T. Werner

אין װאַרשא, נאַלעווקי נומער 11

עמפפעהלט

## ערצייגניסע אויס נייזילבער

וועלכע זינד מיט פאָלגענדע סטעמפעל פערזעהען.



B. BUCH.

ערצייגניסס'ן צווייטער סאָרטע


NORBLIN & Co. GALW. WARSZAWA

אללע איבריגע ארטיקעל

מאַגאַזינע:

ס"ט פעטערבורג, מאָסקווא, לאָדז, אָדעסא, ריגא, קיוב, חאַרקאָוו, סאַראַטאָוו, טיפ‌ליס, ווילנא, יעליזאַוועטגראַד, מינסק גיב.) ניזשני-נאָווגאָראָד אין אירבּיט וועהרענד דער מעססען.

---

37 — 37



### געזונט מעדיצינען און פוקלעס!

אפּאראַט וועלכער היילט גרינדליך אָהנע אָפּעראַציע פּרייז 2 ר' 50 קאָפּ.




598 **Д. МОШКОВСКІЙ.** Варшава, **Налевки 37.**

37 — 37

---

### שפּינגעל־פאבריק

## ל. אידעלזאָהן, װאַרשא

ביעליאַנסקא נו' 1

עמפפעהלט זיין גראָססעס לאַגער פאָן שפּינגעל, שפּינגעל־גלאָס, טרוימאָס אין רעמאיל אונד ענגראָ.

466